גע‌עפנט זיך עס האָט פאר מיר
דער קוואל דער לויטערער פון דיכטונג.
גע‌היט זיי, מער אים ניט פארליר
מיט פאלשן ריר מיט אומגעריכטן.

# בוזי מילער

# דער שטילער קוואַל

לידער

מאָסקווע

פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

1984

С(Евр)2
М 60

בוזי מילער — איינער פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער — לעבט שוין קימאט א האלבן יאָרהונדערט אין ביראָבידזשאן. פאר זײַן באדײַטנדיקן בײַטראָג אין דער ליטעראטור און אקטיווער געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט איז אים צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל פארדינסטפולער קולטור־טוער פון רספסר.

אין דער זאמלונג „דער קוואל דער לויטערער״ האָט בוזי מילער איינגעשלאָסן לידער און קליינע פּאָעמעס, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן פאר די לעצטע יאָרצענדליקער. א באוווסטער ייִדישער פּראָזאיִקער, אנטשטייט ער פארן לייענער אלס אָריגינעלער ליריקער, וועלכער נעמט זייער פילבאר אויף דאָס לעבן מיט אלע זײַנע קאָמפּליצירטקײַטן און שאטירונגען, מיט אלע זײַנע פריידן און ליידן. אין זײַן פּייזאזש־ליריק איז פאראן א סאך שײַן, א סאך וון, די נאטור־געמעלן זײַנען ווי אן אנטדעקונג פון א גרויסער וועלט מיט אומגעריכטע פארבן, וועלכע דער מענטש האָט ווי דאָס ערשטע מאָל דערזען און דערקענט.

אָבער ניט בלויז פּייזאזש־ליריק איז אייגנטימלעך אָט דער זאמלונג. א דירעקטער אָנטיילנעמער אין אלץ, וואָס עס טוט זיך אף דער וועלט, טרעט דער דיכטער ארויס ווי א לײַדנשאפטלעכער קעמפער פאר שאָלעם אף דער ערד, פארן טריִומף פון גערעכטיקײַט איבער אלדאָס בייז, און דאָס ווערט באזונדערס שארף באטאָנט אין זײַנע פּובליציסטישע ציקלען.



М $\frac{4702200000-032}{083(02)-84}$ 399-84



* * *

מע האָט אמאָל א דיכטער איינעם
א פראגע נייַגעריק געשטעלט:
די לידער וויאַזוי די שיינע
ער שרייַבט? מיט וואָס געפעלן זיי דער וועלט,
און וויסן וואָס דערצו איז נייטיק?
זייַן ענטפער קורץ,
בלויז שורעס צוויי:
קיין לידער שרייַבט מען ניט. מע וויטעקט
זיי אויס מיט הארצפלאטער און ווייַ...

* * *

איך וויל, אז דאָס, וואָס פאלט אריַין
צו מיר אין הארץ, אין וואכן זינען,
זאָל עפּעס לאָזן פון זיַין שיַין —
א פעדעמל אף וויַיטער שפּינען...

## איך פרעג בא קיינעם

„די לידער דײַנע דארף מען ניט" —
האָסטו מיר הײַנט געטאָן א זאָג.
די ווערטער די אף מײַן געמיט —
א וואָלקן אין א העלן טאָג.

צו הערן עס — דער ווייטעק שארף,
נאָר פעסט און רויִק איך פארבלײַב.
איך פרעג בא קיינעם, צי מע דארף.
די לידער קומען, און איך שרײַב.

ווייסט, וואָס דעם מוט מײַנעם באנײַט,
פארוואָס דײַן אומגלויבן איך ווארף?
די לידער קומען — דאָס באטײַט:
דאָס קומען זייערס מע באדארף.

## די מוזע

שטיי אוף, עס רופט דיך ווידער שוין די מוזע,
שטיי אוף און פיל אים אויס, דײַן טרײַען כויוו.
ביסט, דיכטער, פויל, דו ווילסט ניט גיין, — ווערסט מוזן,
זי טוט א ווונק צו דיר, — ניט זאם זיך, לויף!

אמאָל האָסטו געמיינט: ווי דו ווערסט וועלן,
נאָך זיך די מוזע פירסט — א באַלעבאָס!
נאָר אָט איז זי געקומען אף דײַן שוועל, און
דו האָסט דערזען — די זאך איז גאָר ניט פּראָסט.

ס'איז זי — די באַלעבאָסטע, דו — א קנעכט נאָר,
און ווען זי וויל, געהאָרכזאם פאָלגסט איר נאָך.
דו זעסט באטאָג קיין שײַן, דו שלאָפסט קיין נעכט ניט,
זי מאָנט קאָרבאָנעס נײַע נאָך און נאָך...

און אלץ, ווײַל זי, די שטרענגע באַלעבאָסטע,
מיט קאנטשיק אף דײַן אָנגעגייגטן קאָפּ:
— דו האָסט געוואָלט בא זיך מיך האָבן, האָסטו,
אַן אָטעם יאָג און שטיי פון מיר ניט אָפּ....

## אין פענצטער קלאַפּט מיר אַן א ליד

אין פענצטער קלאַפּט מיר אַן א ליד.
און אָפּט אזוי,
גאָר אָפּט:
— טוק-טוק!
ביסט מיד?
שטיי אוף
פון שלאָף,
שטיי אוף —
טוק-טוק!
איך כאַפּ זיך אוף:
— ווער רופט?

אמאָל איז עס א טויב...
מיט פליגל קלאַפּט זי אין מײַן שויב....
די טויב אָט די,
אָט דער קאַיאָר —
מײַן העלע וואָר.
ווער שלאָפט דען, ווער,
ווער קאָן זײַן מיד,
ווען ס׳קלאַפּט אין פענצטער
אזא ליד?

אמאָל איז עס א ווינטל בלויז.
קוים-קוים
עס וויגט די בלעטלעך פונעם בוים
און קלאַפּט אָן לײַכט

אין פענצטער-גלאָז,
פון טויען פייַכט,
פון זון-שטראַל ראָז,
און שמעקט מיט צוויט.
ס'איז אויך א ליד...

בלויז איין פארלאנג
אין הארצן קוועלט:
ווי לאנג זייַן דיכטער וועלן אף דער וועלט,
זאָל צופליען צו זייער שויב
קאַיאַר א טויב,
און פרישער ווינט
פון פעלד, וואָס בליט,
זאָל פלאטערן אין זייער ליד...

# א טאָג

## 1. פאר זון־אופגאנג

די זון איז נאָך ניטאָ.
ווּוהין מע טוט א קוק,
אין נעפּל אלץ איז איַינגעהילט,
אין שלאָף
פאַרטאָן.
מייַן שאָכן טרייַבט די קו,
א פייגעלע — א צוויטשער שטיל,
א צווייטס — פאַרשלאָפן רופט זיך אָן.
א ווינטל שלעפעריק, קוים־קוים
רירט אָן א בלעטל אף א בוים,
און שוין, ניטאָ...
ס'איז פרי.
פאַרטאָג.

## 2. קאַיאָר

א וויַיסע ציג אף גרינעם גראָז
איר פּאַשע פּלייַסיק צופּט און בייַסט.
אזויווי שניי די ציג איז ווייַס,
דאָס גראָז איז גרין אזוי ווי... גראָז,
און דער קאַיאָר איז לויטער־ראָז.

בלויז אָנהייב זומער עס דערפרייט
צעשטראַלט אזוי אן אינדערפרי,

אזוי די ערד איז פריש און גרין,
אף גאָרער לענג, אף גאָרער ברייט
א גרינקייַט זויבערע זיך שפּרייט.

אי ווייַס, אי גרין, אי ראָז, אי בלוי...
קאָלירן אלע ריין און קלאָר
אין דער געבענטשטער צייַט פון יאָר
נאָר שייַנען צויבערפול אזוי,
באשפּרענקט מיט פּערלדיקן טוי.

דו זאפּ מיט דורשטיק אויג זי איַין —
די לויטערקייַט — דאָס איז פון וועלט,
א בלענדיקע, זי בליט, צעהעלט
מיט יונגער פרייד, מיט הויכער שייַן —
מיט גליק פון איַינגעליבטן זייַן.

### 3. באטאָג

א יינגעלע גייט,
א ציגעלע ער פירט.
דאָס יינגעלע איז שווארץ,
דאָס ציגעלע איז ווייַס.

א גרינע צווייַג מיט פרייד
ער טראָגט און פאָכט מיט איר,
און ס׳קוועלט זייַן הארץ —
פארן ציגעלע שפּייַז.

שטיל. קיין ווינט,
די זון א הויכע שטייט,
מיט שאָטנדלעך באגלייט
דאָס ציגעלע,
דאָס קינד...

## 4. אָוונט

א ווינטל קיל דיביימער שאָקלט,
די זון פונלאַנג איז שוין אוועק.
פונויבן פלאַטערט בלויז דערשראָקן
אין טונקלער הייך א ראָזער פלעק.

אנטקעגן האָט זיך אויסגעשניטן
א ריפטל זילבער ציכטיק, העל.
דאָס האָט אף וואך אין הימלס מיטן
שוין די לעוואָנע זיך געשטעלט.

זיי שיינען איינער און דער צווייטער
אין ווייטער הויכעניש פארטראַכט,
דער ראָזער פלעק — דעם טאָגס באַגלייטער,
דאָס ריפטל זילבער — אָנהייב נאַכט.

פאר אלץ די צייט איז שטרענג געמאָסטן,
עס גייט אוועק וואָס ס׳דאַרף פארגיין:
דער ראָזער פלעק אין בלוי צעלאָזט ווערט,
דאָס ריפטל זילבער בלייבט אליין.

ס׳וועט קיניגן אף אלץ ארום, און
צו דעם קיין גלייכן איז ניטאָ,
ביז ס׳וועט א זון-שטראַל ווידער קומען —
אַן אָנהייב פון א נייעם טאָג...

## הינדעלעך

ווייכינקע קנוילעכלעך גליק,
ליטערער, זויבערער פוך.
א שפרונג און — צוריק,
א הירזשעלע א פיק,
א צווייטס א זוך...
ווי זיי פרייען מײַן בליק,
אָט די ווייכינקע קנוילעכלעך
גליק...

## זוים נאָך זוים

זוים נאָך זוים עס פאַלט אין גאָרטן
אין צעעפנט-ווייכער בייט.
רעטעכלעך א צוויי-דרײַ סאָרטן,
ציבעלעס און מאָן פארזייט.

שמאָלע שורעלעך פארשאָטן
און פארגלײַכט די ערד אף זיי.
זאָל זיך אופהייבן געראָטן
אונדזער הײַנטיקער פארזיי!




# פ ר י ל י נ ג

## פאָרגעפיל

דער שניי ליגט הארט, צונויפגעפרעסט.
דער ווינטער שטארק איז נאָך און פעסט.
פון אָרט א ריר טאָן אים — ניט פראָסט.
עס פלאקערט, ווילדעוועט דער פראָסט.

קיין האָפענונג איז גאָר ניטאָ —
וועט קומען ווען א מילדער טאָג?
אָ, יאָ — ס׳איז שוין א סימען דאָ:
דאָס ווינטל. עפּעס ווייסט עס יאָ...

מיט קרירע פּראַסטיקער סע דרייט,
נאָר עפּעס מיך אין דעם שוין פּרייט.
א שוואַכער רייעך — שווערן כ׳מעג —
אין דעם פון פרילינגדיקע טעג...

איך ווייס — מע דאַרף נאָך וואַרטן לאַנג,
ניט באַלד וועט קומען זייער צייַט.
נאָר כ׳האָב א צוויבערפולן קלאַנג
דערהערט פון זייער ליבער ווייַט.

מייַן האַרץ איז איבערפולט מיט לוסט:
פון העלע טעג א ווייַטער גרוס...

1977

* * *

דו זעסט, מע רײַסט שוין אפּן טײַך דאָס אײַז,
און זײַל נאָך זײַל
זיך ברעכט מיט שטאַרקן קנאַלן.
אַלץ ברייטער ווערט דער ריינער קרײַז
פון וואַסערן, באַפרײַט פון צוימען אַלע,
פאַרכלינעט זיך מיט אָנגעלאָף פון שטראַלן.

און טראַכסט בא זיך: אויב ס׳איז באַשערט,
עס זאָלן אופרײַסן נאָך הילכן אויף דער ערד,
איז נאָר אַזעלכע, ווי אָט די,
וואָס רײַסן האַרטן אײַז אין פרילינגדיקן פרי...

1961

## דאָס ערשטע...

דאָס ערשטע גרעזעלע
דאָס גרינס
כ׳באגריס.
קליינינקס,
ריינינקס,
דיך
כ׳באגריס.
דורך אַלטן גראָז,
וואָס דאַר, פארגעלט,
ניט לײַכט געווען
זיך טאָן א ריס
און אף דער וועלט
פארכידעשט קומען?
ס׳וועלן בלומען
צודעקן די אלטע רעשטן.
נאָר דו געקומען ביסט
דאָס ערשטע,
דאָס ערשטע זיך געטאָן א הויב.
דיר — מײַן ליבע,
דיר — מײַן לויב.

1977

## געפּלאַצטע קנאָספּן

מיט טערפּקע־יונגן גרינעם קליי
עס שמעקן ערשט געפּלאַצטע קנאָספּן.
די שטרענגע ביימערשע אַליי
געזען אין אָוונט נעכטן האָסטו
נאָך גרוי און נאַקעט אויסגעטאָן.
און הײַנט פאַרטאָג — דו זע נאָר, זע!
(באַנאַכט איז שטיל אַ רעגן דורכגעגאַנגען) —
די לופט מיט דופט איז אָנגעזעט,
מיט אייד׳לען גרינס די ווײַט איז שוין באַהאַנגען.

עס שמעקן קלעפּיק און געדיכט,
ווי צאַרטע בעכערלעך אויף צווײַגן,
די קנאָספּן־בלעטלעך. ניט גערירט
איז זייער בלענד אין גרינעם שווײַגן...
קיין שטויבעלע, קיין פלעק אויף זיי,
זיי גלאַנצן ציכטיק, נײַ־געבוירן.
אָט נאָך אַ וואָך, און עפּשער צוויי,
און ביימער — זוניקע גיבוירים
מיט בלעטערדיקער קרוין פאַרדעקן
וועלן אַלע, אַלע וועגן...

זי גייט, זי גייט
פון בליִונג די געבענטשטע צײַט.
דאָס ערשטע גרינס דאָס האַרץ דערפרייט,
און ס׳שמעקט מיט קנאָספּן־קליי די ווײַט...

1949

## בלײַונג

שטייט דאָס גאַנעקל פֿאַרשאָטן,
אַלע טרעפּעלעך אין צװיט.
איבער דעם אַן עפּל־ביימל
און אַ װײַנשל־ביימל בליט.

קום, געטרײַע! אױף די טרעפּלעך
שטעל די אײַלנדיקע טריט.
אינעם האַרץ, װי אױף די ביימלעך,
האָט מײַן ליבע זיך צעבליט.

ס'פֿאַלט און פֿאַלט דער צװיט... באַטײַט עס —
פֿרוכט געראָטן װעלן רײַך.
אױך מײַן ליבע, װי אַ פֿײַרע,
צײַטיקט,
רײַפֿט.

1975

## פלאַנצונג

א מענטש
א ביימל האָט פאַרפלאַנצט.
א קאפּעלע האָט ער געטאַנצט
און צוגעטאָפּטשעט
אַרום דעם
דעם באָדן.
דערנאָך אַוועק
א ביימעלע א צווייטס
פאַרפלאַנצן.
עס האָט די זון
צופרידן, הייס
אין העלער שײַן אירער געבאָדן
אין יענעם טאָג
די וועלט די גאַנצע.
און איך האָב זיי בא זיך אין האַרצן
אַלעמען געבענטשט:
די זון,
די ביימעלעך,
דעם מענטש.

1977

# דאָס ביימעלע

דאָס ביימעלע איז נאָך יונג,
יונג.
זײַן צווײַגעלע דין,
דין.
נאָר אָט א פייגעלע טוט א שפרונג,
א שפרונג,
און האלט זיך אָן דערין.
עס האלט זיך אָן קוים-קוים,
פליט באלד אוועק,
אוועק.
דאָס ביימעלע איז נאָך ניט קיין בוים,
נאָר ס׳וועט זײַן א בוים,
ס׳וועט...

1977

## פאַרנאַכט

אראָפּ איז ערשט ניט לאַנג דער צוויט.
קיין ווײַנשל זײַנען נאָך ניטאָ.
נאָר דורכגעהילכט פאַרנאַכט
עס האָט א פרילינגדיקער רעגן,
און טראָפּנס היפּשע
אף צווײַגל יעדן הענגען.
מיט שקיע־שײַן, פאַרגייענדיק, די זון
עס האָט די טראָפּנס אָנגעצונדן,
און ס'שטייט דער בוים
מיט ווײַנשל דורכזיכטיקע
אָפּגעשאָטן...

1975

* * *

קיל נאָך שײַנען די קאַיאָרן,
קיל עס בלויען די פאַרנאַכטן.
נאָר ס׳איז שוין אַרויסגעפאָרן
אינעם פעלד דער ערשטער טראַקטאָר.

רוישט ער הילכיק,
רוישט ער פריידיק
ביז די ווײַטע האָריזאָנטן.
ס׳טאָר די ערד ניט שטיין מער ליידיק,
ס׳וואַרט אויף איר אַ גרינער אָנטאָן.

האַסטיק פלייצן, פלייצן, פלייצן
גאָלדיק-ווימלענדיקע זוימען.
ס׳וועלן דאָ זיך כוואַליען ווייצן
און פאַרפלייצן אַלע רוימען.

ס׳וועלן פלײַסיקע קאָמבײַנען
דורשטיק זיך מיט זיי פאַרכלינען.
נאָר דערווײַל נאָך וויפל דײַגעס
אָט די שעפע צו געווינען.

קיל נאָך שײַנען די קאַיאָרן.
קיל עס בלויען די פאַרנאַכטן.
נאָר די ווײַט איז פול געוואָרן
מיטן רויש פון ערשטן טראַקטאָר.

## א וויקועך

— אוי, וואָלט מען איצט באדארפט א רעגן!
— וואָס איז? וואָס דארפט איר אים? צום רומל?
— איַי-איַי, רעב ייִד, איר זאָלט אזוינס גאָר פרעגן?
עס ווארפט דער אנדערער א בליק צום הימל:
— מע האָט אין הויף בא אונדז פארפלאַנצט היַינט ביימלעך.
— איז וואָס? האָט איַיך א גליק געטראָפן?
— וואָס רעדט איר? ס'איז מיטאמאָל געוואָרן היימלעך.
עס זיַינען קינדער זיך צונויפגעלאָפן,
פון פרייד מע האָט זיך אזש פארכליַינעט.
אף יעדן ביימעלע די בלעטעלעך די גרינע —
אזוי מיט זייער אומבאהאָלפנקיַיט זיי רעגן...
נאָר אויב, כאָליִלע, ס'וועט ניט גיין קיין רעגן,
ניט היַינט און מאָרגן אויך ניט,
פארמאָגן וועלן זיי קיין קוי'ך ניט,
די ביימעלעך, זיך צו פארפעסטיקן אין באָדן.
ס'איז גוט זיי אין א פרישן רעגן אויסצובאָדן.
— וואָס גייט איַיך אָן, — עס פרעגט איין ייִד באם אנדערן, —
צי ס'וועט דאָרט אויסוואקסן א ביימעלע א קליינס?
מיר וועלן גיך מיט איַיך אריבערוואנדערן
אין יענעם קאנט, ווו אלץ איז שוין אלציינס...
— וואָס הייסט אלציינס? — איין זאָקן זאָגט דעם צווייטן, —
וואָס הייסט? איַיך פרייען ניט די ביימעלעך די קליינינקע? —
ער טוט א פרעג
שוין אופגערעגט:
— איר האָט קיין קינדער ניט? איר האָט קיין אייניקלעך?

# זומער

## קאיאָר

שטיי אויף קאיאָר, דאָס פענצטער ברייט צעעפן,
קיין שאָדן ניט פארשאף דערבײַ דער גרינער צווײַג.
מיט פרישקײַט לויטערער אין הייליקער באהעפטונג
פארגאפט די ערד, דעם הימל בענטש און שווײַג.

זאָל ארום דיר אלץ טויזנטשפראכיק ריידן —
דער בוים, דאָס גראָז, מיט קילן טוי באשווערט.
דו שפיר מיט יעדן גליד — ביסט אין גאניידן,
דער ערשטער מענטש דו ביסט אף גאָרער ערד...

ס'איז פרי און פריש אזוי... קיין זאך ניט האוועט.
די וועלט זיך שפרייט אומענדלעך, צערטלעך, ליב.
דער סאמע ערשטער מענטש דו ביסט... און כאווע
געבוירן ווערן דארף ערשט פון דײַן ריפ...

1975

## אָנהייב זומער

גאנצפרי. איך גיי אין טויִק פײַכטן סאָד ארויס.
„גוטמאָרגן!" — זיך פארנייגט צו מיר פון קוסט די רויז,
און א טריסקאווקע טוט א ווּנק פון צווישן גראָז:
„דו זעסט, פון איין זײַט בין איך שוין אינגאנצן ראָז"...
איך בייג זיך אָן צו איר, נאָר, ס'דאכט, זי לאָזט זיך הערן:
„הײַנט ריר מיך נאָך ניט, ניין! כ'וועל מאָרגן רויט שוין ווערן"...
די ווײַמפערלעך וואָס מאכן עפּעס גוטס? זיי הענגען
פון הויכן קוסט אראָפּ מיט דורכזיכטיקע הענגלעך.
זיי זײַנען בלאסלעך נאָך, צו עכטער רײַפקײַט ווײַטלעך.
נאָר ראָז עס זײַנען שוין אַף איינעם-צוויי די הײַטלעך,
א פּאָר — אפילע רויט. א קוסט מיט אגרעסן איז אָפּגעשאָטן.
זיי זײַנען זויערלעך דערווײַל, נאָר רײַך געראָטן.
ס'וועט קומען זייער צײַט. און אַף די שטענגלעך דינע
פון בוים קוקן אראָפּ די ווײַנשעלעך די גרינע.
„זאלעפּעכעס" מע פלעגט אין אונדזער קאנט זיי רופן.
גאנצפרי, ס'איז פול דער סאָד מיט טוי, מיט אייד'לע דופטן.
וואָס רײַף ס'איז שוין, און וואָס עס האלט אין רײַפן.
ווי גליקלעך כ'בין! איך קאָן גאָר ניט באגרײַפן
אין אָט דעם זומערדיקן פרעכטיקן קאַיאָר,
וואָס פאר א רײַכטימער צו זען מיר שטייט ערשט פאָר...

1975

## די רויז

פון גרינעם גראָז עס קוקט ארויס
א רויטע רויז.
נאָך נעכטן איז זי ניט געווען,
און הײַנט שוין דאָ.
אין אָנהייב טאָג,
אין קלאָרן פרי,
מיט שטילע טריט
צו איר כ׳גענען.
איר יעדעס בלעטעלע — א קאָס
אין לויטער קילבלעכן צעגאָס
פון טוי. איעדער טראָפּנדל דאָ — ראָז.
און אפן גראָז
איעדער טראָפּנדל
איז גרין,
און גרינג,
און ציט׳ריק גלאנצט.
און ס׳דאכט —
עס פינקלט,
טאנצט,
אי פײַכט,
אי לײַכט,
אי גרין, אי העל,
אן ערשט געבוירענע
די גאָרע וועלט...

1975

# בעז

די בלויע הערצעלער
צעעפנט האָט דער בעז.
זייַן שיין פּאַרמעג —
דער איידעלער גערוך —
פאַרשיקערט האָט די לופט,
און שווערן כ׳מעג —
צו מיר ער רופט:
אויך דו פּאַר גאָרער וועלט
אַזוי צעפּראַל דייַן האַרץ,
זאָלסט שטענדיק עס צעעפנט האַלטן,
דייַן גליק, דייַן שמאַרץ —
קיין זאַך פון קיינעם ניט באַהאַלטן.
און דאַן אַף אַלע דייַנע וועגן
עס וועלן מענטשן קומען דיר אַנטקעגן,
דאָס וואָרט דייַנס אייַנצוזאַפּן גרייט,
אַפילע אויך דייַן שווייַגן,
ווי מע זאַפּט אייַן מיט נאַכעסרועכדיקער פרייד
דעם אָטעם דופטיקן פון מייַנע בלויע צווייַגן.

1975

## טיי־רויזן

ווי בונט דער קוסט גאנצפרי
האָט זיך מיט טיי־רויזן צעהעלט!
אױף יעדער צװײַג
א בלום א װוּנדערלעכע קוועלט!
איעדער בלעטעלע
זײַן רייעך זיסן שפּרייט,
פון יעדן בלעטעלע
עס שפּארט מיט פרייד.
און אלע,
העלע, דופטיקע,
צוזאמען,
ווי קינדערלעך א טרײַע מאמע,
רינגלען ארום
דאָס הארץ דאָס גילדנס
פון דער בלום.
צום סאמע הארץ
האָט זיך פארקליבן,
דאָ אױף א װײַלע לענגערער
פארבליבן
א בין. זי האָבן
בלעטעלעך ארומגעשטעלט,
איר זאך זי טאָן זאָל
אומגעשטערט.
דערנאָך ז׳די בין ערגעץ
פארפאלן.
עס האָבן בלעטעלעך גענומען

פאלן,
איינס נאָך איינס,
פארשפרייט
די ערד ארום דעם קוסט
מיט זייער ראָזער שייַן.
נאָר מינער ניט דייַן פרייד,
די בלעטעלעך באדויער ניט.
עס האָט די בלום געבליט.
די בין האָט זי געקושט,
און האָניק דופטיקער ווערט זייַן.

1975

## גלאַדיאָלוסן

איך האָב געבראַכט אהיים היינט גלאַדיאָלוסן.
זיי האָבן אָנגעפילט די שטוב מיט שטילער שײַן —
אי בלענדיק ווײַסע, ווי דער שניי בא ווײַטע פּאָליוסן,
אי רויטע, ווי נאַרוואָס פון קעלער גוטער ווײַן.

אי ראָזע בעכערלעך, אי איידל פיאָלעטע,
אי אויסגעבעטע, ווי מיט טונקלען ווייכן פּליוש.
ס'איז אף דער וועלט געקומען יעדעס בלעטעלע,
ווען ס'האָט די זון די ערד געטאָן א צאַרטן קוש...

פון זיי אין שטוב עס גייט אין יעדן ווינקעלע
א העלער יאָמטעוו אוף אינמיטן גרויער וואָך,
און איבער יעדער בלום אין גרינעם וויקעלע
באהאלטן ביז א צײַט עס זײַנען פּראַכטן נאָך.

וועט נאָר א בלום פאַרוועלקט ווערן, וועט זיך דערהויבן
מיט נאָך מער בלענד און כיין א נײַע אף איר אָרט.
איך נעם ניט אָפּ דאָס אויג פון זייער רייצנדיקן צויבער
און זוך און זוך פאַר זיי א ווירדיק וואָרט...

1978

## א שטילער רעגן

עפּעס שעפּטשעט ער, דער רעגן.
וואָס?
עפּעס רוימט ער אײַן
דעם גרינעם גראָז,
דעם רויטן ווײַמפּערל,
דער רויז.
וואָס שעפּטשעט ער אײַך? —
זאָגט מיר אויס!
נאָר ס׳שווײַגט דאָס גראָז,
עס שווײַגט דאָס ווײַמפּערל,
עס שווײַגט די רויז.
זיי זאָגן גאָרניט אויס.
זיי בעטן
שטילער זײַן,
ניט שטערן
הערן,
וואָס דער רעגן רעדט זיי אײַן.
איך שווײַג,
עס שווײַגט דער סאָד.
דער רעגן רוימט אים אײַן
א סאָד.

1975

## אויף א צווײַג

צוויי פייגעלעך זיך קושן אויף א צווײַג.
איך קוק עס פונדערווײַטנס צו און שווײַג.
א שנעבעלע צו שנעבעלע א ריר,
מיט שנעבעלע אויף שנעבעלע א פיר,
א קורצן פּאָכע מיטן עק,
און — פיוט! — אוועק.
קיין סאך ניט דויערט —
ס׳קומט צוריק.
— טשיריק!
— טשיריק!
מע הוידעט זיך אויף צווײַג צוביסלעך,
מע קושט זיך לוסטיק אין די פּיסקלעך,
און ווידער פליט אהין — אהער
דער „ער",
און ווידער ווארט אויף אים
די „זי".
דער זין
פון אָט דעם אומפליִען ז׳מיר קלאָר:
ס׳וועט זײַן מיט מאזל א געבענטשטע פּאָר.

1975

## די זון

די זון האָט זיך געמאַכט אַזאַ געוווינהייט —
פאַר דעם, ווי זי פאַרגייט אין העלער שײַן,
אין מײַן ניט גרויסער זומערדיקער וווינונג
זי קוקט אַ ווײַלינקע אַרײַן.

זי ווייסט — קיין סייכל דאַרף מען איר ניט לײַען —
צו קוקן איר אין פּאָנעם איז דאָך שווער.
וואָס טוט זי אָפּ? אַנטקעגן וווינונג מײַנער
צום הימל צווײַגן אַ בערעזע שטרעקט.

טוט זי אַ פּאַל אין זיי, ווי אין אַ קאָשעק,
ס'זיפּט דאָס געבלעטער דורך איר הייסן בלענד,
און אָט אַזוי — גאָר היימיש, פּראָסט און פּאָשעט,
צו מיר די זון טוט פּלוצעם זיך אַ ווענד.

זי קלאָגט זיך — זי איז מיד. אַ טאָג אַ גרויסן
ניט לײַכט צו קרײַזן איר דער ערד אַרום
און זען, ווי לעבנס בליצן דורך און גויסען,
ווי וועלטן קומען אויף און קומען אום...

זי ז'מיד און עטוואָס אָפּרוען ניט שאַדט איר.
איך קלער: די זון קאָן אויך זײַן, הייסט עס, מיד?
פון בוים אַראָפּ פּאַמעלעכן זי שאַרט זיך,
און באַלד אָף מײַרעוו בונט דער הימל בליט.

איך ווייס, אמאָל עס האָט שוין א מעכאבער
די זון צו זיך געלאדן גיין אין געסט,
מיט טיי אפילע זי געווען מעכאבעד...
מיט אים ניט כ׳קלײַב זיך גיין אין קיין פארמעסט.

נאָר איבערגליקלעך בין איך פראָסט און פּאָשעט,
ווען אלע מאָל מיט שקיִעדיקער שײַן —
א פּילקע גאָלדענע פון גרינעם קאָשעק —
די זון צו מיר אין ווינונג בליקט ארײַן.

1975

## א וואָלקנדל

א ווײַסלעך־גרוי׳ס,
א וואָלקנדל
אין הימל —
איין אליין.
דער הימל גרויס,
און דאָס איז קליין.
קאָן עס ניט וויסן,
קאָן ניט פארשטיין:
ווּוהין זיך ווענדן?
ווּוהין גיין?
שטייט עס אין שרעק,
ניט אהער, ניט אהין.
די וועלט — אָן אן עק,
אן אָנהייב געפין...
ניט ווּעמען
צו זאָגן,
ניט ווּעמען
צו פרעגן...
איז עס א רעגע
אין הימל אין הויכן
געהאנגען
און ווי א רויכל
צעגאנגען...

1976

## טאָפּאָלן

אינמיטן זומער
שיט אין שטאָט א שניי.
היי-היי,
שניי,
פונוואנען האָסטו זיך גענומען?
מיר ענטפערט די אליי,
וואָס הילט די גאַס אין שאָטן:
ס'האָט זיך אזוי געטאָן א שאָט,
מיט ווייַסן טאָפּאָל-פּוך
די שטאָט פארשאָטן.

דעם קאָפּ פארהייב איך העט-ארוף,
די ביימער הויך און מעכטיק.
— טאָפּאָל-ביימער, — כ'טו א רוף, —
געדענקט איר? — מיט געלעכטער,
מיט א טאַנץ,
מיט געזאַנגען פריילעכע
האָבן אייַך אָט דאָ פארפלאַנצט
יינגעלעך און מיידעלעך...
— ווו זייַנען זיי? —
א פראַגע כ'הער.
— אוי, פיל פון זיי
ניטאָ שוין מער,
א סאך צעפאָרן זיך, ווו ווער.
— און דו ביסט וויאַזוי פארבליבן?
זאָגן זיי?

דערציילן זיי?
— מיך האלט דאָ צו מײַן ליבע.
— כא-כא! כא-כא! — זיי לאכן גאָר, —
צו אלט דו ביסט, און דײַנע האָר —
ווי אונדזער פּוך דער ווײַסער, —
פון ליבע, אוי, צו ריידן שפּעט.
אָט האָסטו דיר א מײַסע...
— ניט לאכט, איך בעט אײַך, און ניט שפּעט,
ביימער — גרינע לײַכטער!
יאָרן פליִען פלינק אוועק,
ווי אײַער פּוך דער לײַכטער.
נאָר אויב דו בלײַבסט געטרײַ דײַן וועג,
מיט דיר פארבלײַבט ער, דײַן פארמעג,
דיר אין לעבן לײַכט ער...

פליט דער טאָפּאָל-פּוך און פליט —
א שניייִקער געוויטער.
און אין הארצן בליט און בליט
נאָכאמאָל און ווידער,
א מונטערע, א פריילעכע,
יענע אלטע ווײַטע ליד
פון יינגעלעך און מיידעלעך...
א סאך — ווו זײַנען זיי אצינד?
און אלט שוין די, וואָס הי פארבליבן,
נאָר אליין אין הארץ א פײַער צינדט
די לעבעדיקע ליבע.

א לאנגע איז זי, די אליי,
זי הילט די גאס אין שאָטן.
די טאָפּאָלן, ווי ווײַסן שניי,
האָבן פּוך געשאָטן...

יון 1977

# קאָוועגעס

מע האָט געבראַכט שוין קאָוועגעס!
אַזש פון טאַשקענט, פון סאַמאַרקאַנד
געבראַכט אין אונדזער ווײַטן קאַנט.
און מענטשן האָוועןעס!
אין ריי מע שטייט און יעדן קאָוועןלאַנג
מע פּרוּווט אויס אַף דער וואָג און אַפן קלאַנג.
אָט איינער טראָגט אַוועק אַ קײַלעכדיקן אויצער,
ער וועגט געוויס אַ פּוּד, ניט ווייניקער.
מיט אים וועט ער אַוואַדע זײַן שוין יויצע
פאַר קינדער און פאַר אייניקלעך.
אַ קאָוון אַפן אַקסל טראָגט אַ מיידל.
די זון צעלויכטן שײַנט אַף ביידן,
און ניט צו וויסן — וועמען מערער זײַן מעקאַנע —
דעם מיידל, צי דעם קאָוון...
ס'גייען קינדער, באָבעס, זיידעס,
צו קוקן אַף זיי אַלעמען אַ פרייד איז, —
ווו פון אַ רענצל, ווו פון קויש
די לאַסט די זיסע קוקט אַרויס.
און מענטשן האָוועןעס!
אַזש פון טאַשקענט, פון סאַמאַרקאַנד
מע האָט אין אונדזער ווײַטן קאַנט
געבראַכט שוין קאָוועגעס!

אויגוסט 1977

# האַרבסט

## האַרבסטיקע סיוּיטע

1

עס דרייט זיך פונעם יאָר די ראָד.
ס׳האָט שוין דער זומער אָפּגעשטיפט,
אין יעדן בלעטעלע עס האָט
אַ טראָפּן גאָלד
אַרייַנגעטריפט.
עס פלאַטערט אַזוי לייַכט,
דאָס בלעטעלע און לאַכט,
מיט זון געזאַלבט,
אַ גרין, אַ גאָלדיק
האַלב אַף האַלב...

2

עס שטייט דער וואַלד
פאַרטיפט
אין גאָלדענע מאַכשאָוועס.
אַזוי עס האָבן פון פאַרצייַטן
זייַנע אָוועס
אין רויכן גרינבלעכע
זיך פרילינג-צייַט געהילט,
אינמיטן זומערן פאַרשייַטע
זיך שטיפעריש געשפּילט
מיט די געדיכטעניש גרינע

און אָן באַדויערן אַף העלן שימער
זיי אויסגעביטן אָנהייב האַרבסט.
איז וואָס זשע, וואַלד,
דו שטאַרבסט?
ניין, ניין,
ער לעבט!
און בלײַבט אַלץ שיין,
פּונקט ווי געווען,
קיין האָר פֿון שיינקײַט זײַנער ניט פֿאַרלוירן,
סײַ ווען
אין גרינער פּרײַד
געווען געקליידט,
סײַ ווען
אַצינד ער שטייט
דורכויס אין גאָלד, ווי נײַ־געבוירן.
אויך שפּעטער,
ווען בלעטער
עס וועלן טונקלע פֿאַלן צו דער ערד,
און ווען דער וואַלד, מיט הורבעס שניי באַשווערט,
אין ווײַסער שטומעניש וועט שטיין,
אויך דאַן
זײַן וועט ער שיין.
גאַר פּאָשעט איז דערפֿון דער סאָד:
איעדער צײַט איר שיינקײַט האָט.
אַ רויִקער און פֿול מיט פּראַכט
עס שטייט דער וואַלד אַזוי פֿאַרטראַכט
אין אָנהייב האַרבסט.
איז וואָס זשע, וואַלד,
דו שטאַרבסט?
ניין, ניין,
אין שימער זוניקן פֿאַרוועבט,
ער לעבט,
ער לעבט...

## 3

בא מײַן פענצטער שטײט א קליאָן,
איז ער שוין אינגאנצן געל.
מיט זײַן געלקײַט זאָגט ער אָן:
ס'האָט דער זומער זיך געפעלט.

ס'האָט דער זומער זיך געפעלט,
ס'האָט דער הארבסט זיך פעסט געשטעלט.
ווען איר ווייסט, ווי מיר געפעלט
א גינגאָלדענע די וועלט.

גאָר די וועלט אין גין און גאָלד,
ווי מיט שטראלן אויסגעמאָלט.
אף איר גאנצער לענג און ברייט,
פלאקערט, ברענט א בונטע פרייד...

1975

## ס'איז הײַנט א װאָכעדיקער טאָג

ס'איז הײַנט, מײַן טײַערע, א װאָכעדיקער טאָג,
פארװאָס זשע דאכט זיך מיר, — ס'איז יאָמטעװ הײַנט?
— עס איז דערפאר, עפשער, װאָס ברױן,
און גאָלדיק-העל, און רױט צעשײַנט
עס שימערן אױף יעדן ראָג
די בײמער, הארבסטיק-שײן באצירט?
— ניט נאָר...
— און עפשער, װײַל אין בלױען קלאָר
די הימלען הענגען אזױ העל
איבער דער שטאָט און איבער פעלד,
און אין אָט די אָקטיאבער-טעג
איר װארעם-ליכטיקן פארמעג
די זון אין הײכן ניט פארלירט?
— יאָ, יאָ. און דאָך איז נאָך עפעס געשען:
כ'האָב הײַנט, מײַן טײַערע, געזען,
װען צו דער ארבעט כ'בין געפאָרן,
א הױז — דרײַ שפאָגל-נײַע גאָרן —
אָט דאָרט, אנטקעגן דעם װאָקזאל,
פון רישטעװאניעס שױן באפרײַט,
און ס'איז דער פלױט אװעקגענומען,
און פענצטער בלענדיקע, צעשטראלט
עס קוקן לוסטיק און פארשײַט
צו זון, צו גאס, צו ליטערע ארומען.

— — — — — — — — — —

דערפאר מײַן פרײד הײַנט יאָמטעװדיק און גרױס:
אין שטאָט איז צוגעקומען נאָך א הױז.

1958

* * *

אין סאָד, אין וואלד —
א העלע פראכט.
עס פאלט
פאמעלעכן,
פארטראכט
א בלאט.
ניט גלאט
א בלאט —
פון גאָלד א פלאט.
פון זון א שפליטער,
פליט ער,
פליט ער...
א העלער בלאט
אף גרינעם גראָז.
נאָך גרין דאָס גראָז,
שוין געל דער בלאט.
און נאָך א בלאט,
און נאָך א בלאט.
אף גרינעם גראָז
פון עק ביז עק —
א געלע דעק.
ווי פרילינג-צײַט
די גרינע פרייד,
אצינד פון גאָלד
א יאָמטעוו גייט.

עס פאַלט אַ בלאַט,
און נאָך אַ בלאַט.
ניט גלאַט,
ניט גלאַט...

1976

* * *

בלעטער פאלן,
פאלן,
פאלן,
ס׳הוליען געלע זאווערוכעס,
בלעטער פאלן,
און — פארפאלן,
און אוועק
צו אלדי רוכעס.
אף די צווייַגן
שווייַגן
בלעטער,
ווייסן: פריִער אָדער שפעטער
וועט אויך זיי אזוי געשווינד
טאָן א ריס פון בוים דער ווינט,
טאָן א שלייַדער צו דער נידער.
ווינט און בלעטער —
קידער־ווידער,
קידער־ווידער...

1976

## יאגעדעס

גרויס איז דער טייַנעג
נאָך אזא רעגן אין דער טייַגע
יאגעדעס צו קלייַבן.
דער קוסט דער גאנצער — גאָלד-און-גין,
בלויז ערגעץ נאָר א בלאט איז גרין.
ס'איז רויט די יאגעדע,
ווי פייַער,
און ווייך איז זי
און זיס,
דאָס הארץ איז זיך מעכייַע.
די יאגעדע איז שיין און ווויל,
זי בעט זיך גלייַך צו דיר אין מויל.
פון איר עס שרייַט ארויס
דאָס צונטער-רויטס:
אָ, רייַס מיך,
רייַס מיך אָפּ וואָס גיכער,
ניט לאָז פאר ווינטערדיקן וויכער,
פאר שניי און פראָסט
ניט לאָז...
אָט דעם געבעט
כ'פארנעם,
איך רייַס, איך נעם...
נאָך אָט — א יאגעדע, ניט אָפּגעריסן,
אף העלפט בלויז איז זי אָנגעביסן.
ווער? א פייגעלע געוויס. און
ס'האָט עפּעס אים געשטערט
די יאגעדע דערפּיקן.

װעל איך זיך באַלד מיט איר דערקװיקן.
ניט װײניק יאַגעדעס כ׳האָב אָנגעצײלט,
נאָר די באַטאַמטסטע — די,
װאָס מיטן פײגעלע
איך האָב געצײלט.

## אין מי איז נאָך א טאָג פארגאנגען

באם האָריזאָנט די סאָפּקעס קני׳ען,
ווי קעמלען ריזיקע און מידע.
מ׳האָט פארן טאָג זיך אָנגעשרי׳ען,
און איצטער רוט מען שטיל, צופרידן.

אין מי איז נאָך איין טאָג פארגאנגען,
אין מי ניט לײַכטער און געטרײַער.
די פישער האָבן פיש געפאנגען,
און פלינקע שיפלעך, גאנצע סטײַעס,

אהין-אהער האָבן געשניטן
די כוואליעס פונעם טײַך, ווי שיידים.
די נאכט האָט שוין דעם טאָג פארביטן,
נאָר ביידע ווילן זיך ניט שיידן.

שוין דריבנער, זעלטענער עס ווערן
די פײַערלעך דאָרט אינדערווײַטן.
מאָטאָרן קוים זיך לאָזן הערן,
ס׳פארגייט דאָס רוישן דאָס פארשײַטע.

אין דעמער גרויען אײַנגעהילטע,
די כוואליעס שלעפעריק זיך סוידען.
אף שטרעקעס טונקלע, אײַנגעשטילטע,
קוים-קוים זיך בלויע שאָטנס הוידען...

# ווינטער

* * *

מיט פראָסטיק גלאָז ס'האָט פון באנאכט
די קאליוזשעס פארצויגן.
זיי האָט די ערד,
ווי אירע בלינדע אויגן,
אופגעהויבן
שטום.
שוין שפּירנדיק, ווי ס'שיט ארום
מיט קאלטן גרייַפּלדיקן זאלץ,
בא הימלען שטיל זיך אָנגעפרעגט:
אָט דאָס
איז אלץ?..

1977

## דער ערשטער שניי

אַט, דאכט זיך, ערשט
דאָס ערשטע גרעזעלע
האָב איך באגריסט.
און אַט —
דאָס ערשטע שנייעלע
שוין פאלט.
עס האָט דער זומער
אָפּגעבליצט,
ס'האָט הארבסטיק אָפּגערוישט
דער וואלד,
נאָר איך פאריאָג דעם טרויער.
אף גאַרניט, גלייבט, איך ניט באדויער.
כ'בין ווײַט
פון יענע לײַט,
וואָס בלויז
דעם „אַך" זיי זוכן אויס,
דעם וויי.
פאר אלץ פאראן א צײַט —
פאר ערשטן גראָז,
פאר ערשטן שניי.

1977

* * *

אף זויבער-ווײַסן שניי
זיך שפּילן הינטלעך שוואַרצע צוויי.
איינס —
נאָך גאָר אַ קליינס,
דאָס אַנדערע — אַ קאַפּל גרעסער.
דאָס קליינע דאַפּקע
טוט אַ האַוקע
און אַפן גרעסערן — אַ שפּרונג,
און יענץ, צוקלוימערשט איינע שרעק,
אַנטלויפט און פאָכעט מיטן עק.
נאָר ראַפּטאָם טוט עס זיך אַ קער
און אַפן קליינעם: — ביסט נאָך יונג
אף מיר צו בילן! נאַ, און ווייס!
און ס'באָברעט זיך באַם גרעסערן דאָס קליינס
אונטער די פיס.
אײַ-אײַ, ווי מיִעס!
אַזאַ מין בושע!
נאָר באַלד מע האַלדזט זיך שוין,
מע קושט זיך.
נאָך לאַנג עס ווערט ניט נימעס זיי
איינס מיטן אַנדערן
צו שפּילן און צו ראַנגלען זיך,
די הינטלעך שוואַרצע צוויי
אף זויבער-ווײַסן שניי...

1977

## כאָקיי

פאַרפּאַליעטע אַף שפּיגלדיקן אײַז מע יאָגט.
מע פאַלט. מע הייבט זיך אוף און ווידער לויפט מען.
איין קליושקע מיט דער אנדערער זיך שלאָגט,
פאַרבײַ די שײַבע פליט... אזוי אין אלע הויפן.

פון פרי ביז נאכט די קלייִנע כעוורעלײַט
ניט ווערן מיד צו טראָגן זיך פאַרשײַטע.
די מאַנטעלעך אין שניי, די בעקלעך רויט פאַרפלאַמט,
איין ציל, איין אינטערעס — די שײַבע.

אַט פליט זי פון א רעכטן קלאַפּ הט-הט,
אַט איז זי נאָכאַמאָל שוין דאָ אינמיטן.
פון פלינקע קליושקעס הילכט א האסטיקער געוועט —
ווער שנעלער און ווער שטארקער וועט א שניט טאָן.

ניט איין טרעטיאַק פון אַט די כעוורע וועט ארויס,
איך זע שוין צווישן זיי די קומענדיקע מאַלצעווס.
מײַן קינע איז צו אַט דעם קליינוואַרג גרויס,
איצט זײַן כ'וואָלט וועלן אויך אין זייער מאַצעוו...

1977




* * *

ניט קלאָג, מײַן האַרץ, מיט ווײטעק אַלטן,
האָסט נײַע אומגליקן גענוג.
וואָס איז באַדעקט מיט אַש מיט קאַלטן,
אָפּסנײַ צו צינדן איז ניט קלוג.

דו ביסט אין רויש פון צײַט פאַרגאַנגען —
פון ווײַטע טעג א ווײַטער גרוס —
און פון געוועזענע פאַרלאַנגען
איך האָב פון לאַנג שוין ניט געוווּסט.

נאָר מיטאמאָל איך זע דיך ווידער,
און ס'פלאטערט אויף אפסנײַ דאָס האַרץ.
דו רעגסט מיך אָן צו נײַע לידער
און אף מײַן קומען ווידער וואַרטסט...

1949

## זײַ מויכל מיר

דו ביסט געווען נאָך גאָר א קינד,
און איך בין דאן געווען דײַן לערער.
מיר טרעפֿן ווידער זיך אצינד
און ווידער פֿרײַנט מיר ווילן ווערן.

דו ביסט שוין איצט געוואָרן גרויס —
פֿיל צײַט אוועק און פֿיל געקומען —
און כ'האָב ערשט איצט פֿון הארץ דײַן ברויז
מיט כידעש פֿריידפֿולן באנומען.

די אויגן דײַנע הימלש בלוי
און קינדעריש זיי פֿלעגן שײַנען.
ביסט איצט א צויבערפֿולע פֿרוי —
די זעלבע שײַן אין אויגן דײַנע...

מײַן בלינדקײַט דאן זײַ מויכל מיר,
כ'האָב זיך ניט פֿאַרגעשטעלט אפֿילע —
ס'האָט דעמלט שוין אין הארץ בא דיר
געריײַפֿט דאָס שענסטע פֿון געפֿילן.

ס'איז נאָך ביז איצטער ריין — דו זאָגסט —
פֿארבליבן דײַן געפֿיל פֿון דעמלט.
איך האָב אזא מין גליק פֿארמאָגט
און גאָר געוווּסט איך האָב פֿון דעם ניט.

נאָר זאָג מיר, זאָג, וואָס טוט מען איצט?
איך זע, אין אויגן דײַנע... טרערן?

ס׳איז טרערן הייליקע... עס בליצט
אין זיי צי פרייד, צי ליידן מערער?

איך שטיי אַפּהענטיק פאר דיר הײַנט,
ביז וואָרט ביז לעצטן — אַלץ פארלוירן.
כ׳האָב לעבנלאנג געבענקט נאָך פרײַנט,
און אזא פרײַנט כ׳האָב אָנגעווירן.

נאָר הארץ מײַנס דאנקבאר זײַן עס וועט
פאר דײַן צו שפּעטער אנערקענונג,
ווײַל קיינמאָל, גלייב מיר, איז ניט שפּעט
א פרײַנט אין עכטן צו דערקענען.

1949

# א קוימען

ווי האלט איר, מע קאָן זײַן פֿארליבט אין א — קוימען?
— אין א קוימען? — פֿרעגט איר איבער מיט כּידעש.
— יאָ, אין א קוימען.
— ווער קאָן עס זײַן פֿארליבט אין א קוימען? —
אזוי זאָגט איר און קנייטשט מיט אן אקסל.
איך ענטפֿער אײַך:
— איך. איך בין פֿארליבט אין א קוימען.
— איר? — פֿרעגט איר איבער און קוקט מיר ארײַן אין די אויגן,
צי בין איך ניט כאָסערדייע.
ניט, זעט אויס. טוט איר ווײַטער א פֿרעג:
— וואָס פֿאר א קוימען?
— א סאמע געוויינלעכער —
א הויכער, ער הייבט זיך איבער א האלבער שטאָט,
א ווײַסער, מיט רויטע פּאסן,
מע זעט אים פֿון זייער ווײַט.
— זײַט איר... — פֿרעגט איר נאָכאמאָל איבער.
— יאָ, איך.
— אין אָט דעם קוימען?..
— יאָ, אין אָט דעם קוימען...
— פֿארליבט?
— ווי איר זעט מיך לעבן!
— ווונדער מיט ווונדער! מיט וואָס זשע, זאָגט,
האָט ער, דער קוימען, — כא-כא — אײַך געפֿאנגען?
— מיט וואָס? כ'וועל אײַך זאָגן:
דאָרט, ווו דער קוימען, אנטקעגן, שטייט א פֿינפֿשטאָקיקער מויער.
— א מויער?

— אין יענעם מויער אפֿן דריטן גאָרן...
— אפֿן דריטן גאָרן?
— איז דאָ א דירע.
— א דירע?
— אין יענער דירע וווינט...
— ווער?
— א מיידל.
— א מיידל?
— יאָ. אַלץ ארום איר —
די גאַס, דער מויער, די דירע, אפֿילו דער קוימען —
זײַנען ביז גאָר געוויינלעך.
ניט געוויינלעך איז זי — דאָס מיידל.
אזא האָט נאָך די וועלט — זינט זי שטייט — ניט געבוירן.
— זײַט איר פֿארליבט אינעם מיידל?
— נאָך אירע טריט גיי איך אויס...
— נאָר וואָס געהערט זיך דאָ אָן דער קוימען?
— ער שטייט אנטקעגן איר שטוב, אנטקעגן איר פֿענצטער.
און איך... ווען כ'בין ווײַט, ווען איך זע ניט
ניט איר גאַס, ניט איר שטוב, ניט איר פֿענצטער,
זע איך אים, דעם קוימען. און ער זעט זי...
— זײַט איר אָבער פֿארליבט אינעם מיידל און ניט אינעם קוימען?
— נאָר איך בין אזוי פֿארליבט אינעם מיידל,
אז ליב איז מיר אַלץ, וואָס ארום, און אונטער, און איבער איר — אַלץ!
— און אויך אָט דער הויכער קוימען?
— און אויך אָט דער קוימען...

1977

## באם יאם

I

כ׳האַב הײַנט זיך אופגעהויבן פרי, כ׳האָב רועז ניט געקענט.
אָט דאָ ניט ווײַט דאָך שפּרייט זיך, רוישט און בלענדט
דער יאם.

אין שטוב האָב איך זיך מער קיין רעגע ניט געזאמט,
די טיר פארהאקט און, זינקענדיק אין ווייכן זאמד,
צום יאם אוועק.

באגעגנט האָט ער מיך מיט פרייד, מײַן נײַער פרײַנט:
„אהא, דו אויך" און פליעסקעט זיך, און שײַנט
אָן ברעג.

אומענדלעכקײַט צעשפּארט מיר די שווארצאפּלען,
די מעוועס אין דער הייך פאר טײַנעג שרײַען, צאפּלען
נאָענט, ווײַט.

א כוואליע טוט גוטברודעריש מיר א דערלאנג אין ברוסט,
עס ווערט דאָס הארץ פון לאנג שוין ניט געאנטן לעבנסלוסט
פארשײַט...

כ׳האָב זיך הײַנט אופגעהויבן פרי, כ׳האָב רועז ניט געקענט,
אָט דאָ ניט ווײַט עס שפּרייט זיך, רוישט און בלענדט
דער יאם...

II

מיר וואָלטן אַלע פֿרי מיט דיר אהער געקומען,
דעם רייץ פֿון יאַם מיט אופגעריכטן האַרץ פֿאַרנומען.

געלאָזט איך וואָלט דיך וואַרטן אויפֿן שטילן ברעג
און אַליין, אויף כוואַליעס רייַטנדיק, אוועק

אַהין, ווו אין דער ווייַט פֿון טיפֿן בלויען שוים
די זון פֿאַרטאָג אַ רויטע קייַקלט זיך אַרויס.

אויף אַקסל כ׳וואָלט געכאַפּט די פֿייַערדיקע הליבע
און זי צו דייַנע פֿיס אוועקגעלייגט, מייַן ליבע.

אַלץ, אַלץ פֿאַר דיר איך וויל און קען דאָ טאָן!
פֿאַרוואָס זשע ביסטו, ליבע, דאָ באַם יאַם, מיט מיר ניטאָ?

III

אַ מיידל,
אויסגעוועבט פֿון זון,
שטייט
פֿאַרטאָג
באַם ברעג.
מיט פֿלינקער האַנט
זי וואַרפֿט דאָרט שפּייַז
אין יאַם.
און קרייַז נאָך קרייַז
מיט ליאַרעם
עס פֿלאַטערן די מעוועס
איבער איר
און לאָזן זיך
צום וואַסער ניט אַראָפּ.

ניט אין דער שפּײַז,
צו זען,
זיי גייט.
זיי פרייט
און זיי געפעלט
די זון,
דאָס מיידל
און די גאנצע וועלט
אין אָט דעם לויטערן קאיאָר,
און מערער
דארפן ניט די מעוועס
גאָר.
און איך פונוויַטן
קוק זיך איַין
פארגאפט
אין אָט דער שפּיל,
און אויך —
מער גאָרניט כ'דארף,
מער גאָרניט כ'וויל.

IV

איך בין א גאנצן טאָג באם יאם היינט ניט געווען.
אזוי האָט זיך געמאכט, ס'איז אומבאמערקט דער טאָג אוועק,
און — ניט געווען.
ס'איז פונקט, געליבטע מײַנע, ווי ווען דו זאָלסט ערגעץ זײַן ניט ווײַט,
און איך צו דיר זאָל ניט ארײַנגיין כאָטשבי אף א ווײַל.
איז מעגלעך, אז אזוינס געשען זאָל ווען-ניט-איז?

ניין, ניין, אומעגלעך און אומגלויבלעך ס'איז געוויס!
און אָט באם יאם — א טאָג א גאנצן ניט געווען,
פארטאָן אין וויים-איך-וואָס, איניאָנים פוסטע סטאם.
זײַ מויכל, יאם...

## ז

פונונטן רוישט דער יאם,
אין הימל די לעוואָנע שוויַיגט.
און צווישן בלויען רויש פון יאם
און דער לעוואָנעס וויַיסן שוויַיגן
די סאָסנעס
טונקל
שטיַיגן.

דובולטי, 1968

* * *

כ'האָב הײַנט געזען דאָס מיידל,
וואָס מײַן אייניקל ז'פארליבט אין איר.
גאנץ איידל.
כיין אין יעדן ריר.
זי'ז הויכלעך.
די אויגן גרויסע. בלויע רויכלעך
וויגן זיך אין זיי. די וויִעס
לענגלעך-שווארצע, ווי עס
זאָלן צוויי פליגל פון א שוועלבעלע גאָר זײַן,
אין זיי פון אויגן איז נאָך בלענדיקער די שײַן.
אזוי' אָט זעט זי אויס,
דאָס מיידל, וואָס אין איר ז'פארליבט מײַן אייניקל.
געקוקט אף זיי כ'האָב און געקלערט:
ווי שנעל עס יאָגט ארום דער זון די ערד...
אָט ערשט נאָך, אזא קליינינקן,
מ'האָט אים אין וויגעלע געוויגט,
און אָט, שוין אויסגעוואקסן און — פארליבט...
און איך? אָ, וואָס איז שוין פאר מיר געבליבן?
בא מיר אין הארץ דאָך לעבט נאָך אויך די ליבע,
פונקט ווי דאָרטן טאָגן הייבט ערשט אָן...
וואָס זאָל דער זיידע טאָן?
וואָס זאָל ער טאָן?..

1978



## ביימער ציִען זיך ארויף

דעם ברודער מײַנעם מארק מילער

עס האָבן שוין די רויזן אָפּגעבליט,
פארוועלקט עס האָט די צארטע מאטיִאָלע.
דעם בליק אין גאָרטן מערער פרייען ניט
די ליליִע דער טולפּאן. נאָר אָנגעקוואָלן
מיט רייכעס אנדערע עס איז די לופט.
די ציניִע שטייט צניִעסדיק פארויטלט,
עס אָטעמט קוים מיט שלאבעריקן דופט
דער הויכער געאָרגין. צעבויטעט
פון רייכעס איז אַן איידלסטער קאָקטייל.
און אָט איז די באשיידענע ראָמאשקע,

דרײַ מינים אירע האָב איך אָנגעציילט.
און מער ווי פון א גוטן ביסל מאשקע
מיך שיקערט אַלץ ארום. און אויך די בין,
וואָס האָט פארקליבן זיך אין מיטן סאמע
פון זיסן בלימעלע, ווי זוכנדיק דעם זין
פון זײַן... און זי געפינט אים דאָ. צוזאמען
מיט איר אזוי אין אַלץ כ׳בין אויכעט גרייט
זיך אײַנזויגן מיט אַלע מײַנע כושים,
און פונקט ווי זי, אָן איבעריקע רייד
דעם טאמציס פונעם לעבן דורשטיק קו׳שן.
א העליש פײַער שפרייט זיך בא דער ערד,
דעם פלאמענדיקן רייעך דעם געשמאקן
פון פליוש פון גאָלדיקן און רויטן כ׳הער —
נאסטורציעס אין סרייפעדיקן פלאקער...

ס׳איז אָנהייב אווגוסט. כ׳בין צוגאסט אין סאָד
באם ברודער מײַנעם ייִנגערן און ליבן.
פון קינדווײַז אָן דערגיין דעם טיפן סאָד
פון ערד און שעפע האָט ער זיך געקליבן.
און אָט אין רײַפן עלטער שוין אצינד
דעם סאָד דערגאן, פארפלאנצט א סאָד א גאנצן,
ער פרייט זיך פונקט ווי דעמלט, ווען א קינד,
האָט ער פארטרויט דער ערד זײַן ערשטע פלאנצונג.
ער פירט מיך דאָ ארום פון בוים צו בוים,
פון יעדערן ער האָט וואָס צו דערציילן:
— דאָס ווײַנשל-ביימעלע דו זעסט? קוים-קוים
געקאָנט מ׳האָט אף די פינגער איבערציילן
די ערשטע פרוכט. דערנאָך אָבער דערפאר
פון יאָר צו יאָר שוין רײַפן גאנצע מענגעס.
און אָט די פלוימען זעסט? ס׳איז א געפאר,
ס׳זאָל אײַנברעכן די צווײַגן, און מיט דו׳ענגלעך
איך שפאר זיי אונטער פעסטע. עפל אויך
עס וואקסן עטלעכע דאָ פײַנע סאָרטן.

און יעדער בוים דאָך פֿאַדערט ציַיט און קוי'ך,
נאָר וועגן דעם מיַין ברודער רעדט קיין וואָרט ניט.
א קלאָרע זאך — אָן מי קומט גאָרניט אוף, —
ס'איז איבעריק עס צו דערמאָנען ווידער.
דער איקער — ביימער ציִען זיך ארוף,
און שווערע צוויַיגן ציט עס צו דער נידער.
— די קוסטעס מאַלינעס אָט די דו זעסט? —
אנטפלעקט מיַין ברודער מיר א סאָד א שיינעם, —
געווען זיי זיַינען האיאָר פול באזעצט,
איבעראיאָר — קיין יאגעדע קיין איינע!
איעדער קוסט גיט פרוכט איין מאָל — און גאָר.
אומזיסט קעגן נאטור-געזעץ זיך ווערן.
שוין קוסטעס אנדערע אין קומענדיקן יאָר
עס וועלן דאָ זיך פרוכפערן און מערן...
עס ציט זיך אינדערלענג
צונויפגעדרייט א בינטל
שלענג —
א שלאנג
א גומענער.
מיַין ברודער נעמט אים אין דער האנט
און באלד דערלאנגט
א שלאקסרעגן
אין אלע עקן סאָד.
א שלאקסרעגן א שטארקער פאלט
אף יעדן ברעקל ערד, אף יעדן פאלד,
אף יעדער בייט,
אף יעדער קווייט.
מיַין ברודער אין דער מיט —
ער שטייט
צעשטראלט,
און ס'דאכט: אין האנט ער האלט
פון שעפע גאָלדענער דעם קוואל
און ער אף איר צו שאפן האָט

ניט ווי קיין מענטש גאָר, —
ווי א גאָט.

מייַן ברודער, כ׳בין מעקאַנע דיר.
מייַן גוטע קינע מיר פאַרצייַע.
כ׳האָב אויך אין לעבן אָן א שיר
געטאָן, געהאָרעוועט פאַר דרייַען.
ווי זוימען קלייַבט מען, איינס צו איינס,
כ׳האָב ווערטער צום פאַרזיי געקליבן,
פאַרזייט מיט זיי א פעלד א קליינס,
נאָר וואָס פון זיי עס איז פאַרבליבן,
צי בלייַבן וועט,
איז ווייסן שווער.
ווייַל ווער קאָן זאָגן, ווער,
צי ס׳וואָרט
פאַרוואָרצלט
ווערט אין פאָלק,
ווי בוים אין ערד,
צי אָן שום טאָלק
פאַרלוירן ווערט...

מייַן ברודער, האָסט געשאַפן מער!
דייַן סאָד, ער לעבט און לעבן וועט.
עס וועלן ביימער אייביק וואַקסן,
געגנערט פון זומערדיקע שלאַקסן,
פון זייער שעפע זוניק-זיסער
עס וועלן אייניקלעך געניסן.
טאָ זייַ אָף אלע מאָל געבענטשט,
מייַן ברודער,
שעפער,
מענטש!

אווגוסט 1973
ליוונע

## דער שוועסטער

טאניען

1

ווען פּלוצעם כ׳טו זיך א דערמאָן
דעם ווײַטן קינדערשן אמאָל,
קומט מיר דאָס ערשטע פארן בליק —
אַן אָנדײַט פון פארשווונדן גליק —
דאָס ביימל בעז ניט ווײַט פון טויער.
און טיף אין הארצן איך באדויער,
וואָס לאנג זיי זײַנען שוין אוועק —
אי יענער בעז, אי יענע טעג...
דו האָסט הײַנט ווידער אופגעוועקט
אין מיר דעם דופט פון ווײַטע צײַטן,
ווען האָסט מיר הארציק אויסגעשטרעקט
פון בעז דאָס פּיאָלעטע צווײַגל...

2

נאָר ס׳איז מײַן דאנק באזונדערס גרויס
פאר אָט דער קליינער ווײַסער רויז.
דו האָסט מיט איר זיך אופגעהויבן
אין בוידעם-שטיבל אין דער הייך,
און ס׳איז צו מיר אהער פארפלויגן
איר צארטער וונדערלעכער רייך.

כ׳האָב גראָד געדרעמלט. אײַנגעשלעפערט
מיך האָט די היץ פון מיטן טאָג.
געזען א כאָלעם כ׳האָב. ...א שעפע
מיט בלומען בלי׳ען אויף פארטאָג.
איך שטרעק די האנט אויס צו די בלומען,
נאָר זיי פון מיר אוועק, אוועק...
און דאָ ביסטו ארײַנגעקומען
און מיך פון דרעמל אופגעוועקט.
טרעפט, ס׳איז די וואָר פון כאָלעם שענער?
אמאָל באגליקט זי מיט אזוינס,
וואָס קאָן אין כאָלעם ניט געשען גאָר.
אין האנט בא מיר — די ווײַסע רויז.

3

ווידער האָסטו בלומען מיר געבראכט.
מיך גערירט האָט זייער כיין און פראכט.
ווײַסע בלומען... ווי זיי הייסן, ווייסטו ניט?
ענלעך זײַנען זיי צו פרילינגדיקן צוויט.

טיף און איידל זייער כ׳עסדיקער דופט
איז פארמישט אין אָט דער אָוונטיקער לופט.
און די ראָזע בלימעלעך, ווי הערצער,
ווי זיי פאסן גוט זיך צו אהער׳צו...
„הערצער אָנגעבראָכענע” זיי הייסן?
סײַדן ליידן מענטשלעכע זיי ווייסן?

ווײַס און ראָז די בלי׳ענדיקע קווייטן,
מיך פארשיקערט זייער אייד׳לער פראכט.
און דערפאר, וואָס האָסט זיי מיר געבראכט,
זאָל דאָס הארץ דיר קיינמאָל מער ניט ווי טאָן...

יון 1969
טשעפעליאָוואָ (הינטער מאָסקווע)

# די רעגע ליכטיקע

דעם מאָלער ס. גרוזבערג

מיט פּינקטלעך אָנגעצילטן אויג — א בליק א שנעלן,
און שטריך נאָך שטריך קומט אויף אָף ריינעם בלאט פּאפּיר.
דער קינסטלער פּאלן לאָזט א שמייכל, און כ׳דערשפּיר, —
ס׳באקומט זיך. אים אליין זײַן ארבעט איז געפעלן.

כ׳פּאָזיר און גלײַכצײַטיק, — צי שטויסט זיך אָן דער מאָלער? —
אויך איך בא זיך אין הארצן צייכן זײַן פּאָרטרעט:
...טאָג-איַין, טאָג-אויס, פון פרי ביז נאכט דעם טויט ער זעט
אין יאָרן שרעקלעכע פון אומקום און בעהאָלע.

ער קניט ניט, — ניין! — די טויטן אלע אײַנגעבראָכן,
ער נעמט פון הײליקער נעקאָמע דאָס געווער,
דעם סוינע מיימעסט, פּלעט. און נאָכדעם — צום מאָלבערט —
פון גרויסן זיג פּארייביקן די מאזלבראָכע.

ווי גליקלעך כ׳בין אצינד אָט דאָ מיט אים אינצווייען!
נאָך אלע וויסטע פּלאָגן, אומגליקן און ווייען,
נאָך יאָרן פּיַין, און פּינצטערניש, און לייד,
אין ערד אין לייַבלעכער מיט וואָרצלען אײַנגעוועבט,
האָט ער דערלעבט,
האָב איך דערלעבט
די רעגע ליכטיקע אָט די פון שאפונגס-פרייד...

אווגוסט 1973
לוואָוו




## דער שאָס פון „אוראָרא“

א קנאַל געטאָן עס האָט „אוראָרא“,
די פינצטערניש געשפּאָלטן העל,
און ס׳איז אין פלאם אירן געבאָרן
פון בלוט און וויי — א נייַע וועלט.

דער קנאַל איין טקופע האָט געשלאָסן,
א צווייטע טקופע — אופגעפראַלט,
דעם טאָג דעם נעכטיקן צעשאָסן,
דער מאָרגן אין טרומייטן שאַלט...

אין יעדער היינטיקער דערגרייכונג,
אין יעדן היינטיקן דערפאָלג
פון יענעם שאָס איך הער דעם עכאָ,
פון יענעם שאָס איך זע דעם פאָלג.

ניט נאָר פון קייסערלעכן פאַלעץ
די קויל געטראָפן האָט אין דאַך.
פון יענעם דונער איז געפאַלן
מיט יאָרן שפּעטער דער רייכסטאַג.

און ווען ס׳האָט אין די הייכן קלאָרע
דער ערשטער „ספּוטניק״ אופגעשוועבט,
אין זיין געוויש האָט אויך „אווראָרא״,
דער ערשטער שאָס איר געלעבט...

ווען קאָסמאָנאַווטן די געוואַגטע
אין קאָסמאָס האָבן זיך געלאָזט,
אין זייער העלדישקייט געוואַכט האָט
„אווראָראס״ לעגענדארער שאָס.

ווי וויט געצילט עס האָט „אווראָרא״
אין יענעם ווייטן שטורעם-בראַנד:
דעם אַרבעטס-מענטש — די וועלט די גאַנצע,
די זון-סיסטעם פון ראַנד ביז ראַנד!

נאָיאַבער 1962

## א פאַרליבטער באַגלייטער

אַף כוואַליעס פון מענטשלעכער גרעסטער אנציקונג,
אַף ווינטן פון פרילינג, א גליקלעך באַנײַטן,
זי שוועבט אוף, די שיף, און דער קאָסמאָס צעוויקלט
פאַר איר זײַנע טיפע פאַרהוילענע ווײַטן.

עס טראָגט זיך איר קלוגע פילאָטאָניקע מאַסע
אַרום אונדזער ערד — א פאַרליבטער באַגלייטער.
אזוי ווערט מעקויעם אַן אַלטינקע מײַסע
פון מענטשן, וואָס שטעלן צום הימל א לייטער...

איז ברייטער צעעפנט זיך, מײַיקע הימלען!
נאָך העלער צעשטראַלט זיך, זוניקע הייכן!
א פריידיקער אָנהייב פון קינפטיקע הימנען,
פון מענטשלעכער גווורע א ליכטיקן צייכן, —
דעם וווּנדער און פראַכט פון פאַרווירקלעכטע טרוימען,
נעמט אוף אונדזער שיף אין די קאָסמישע רוימען!

מײַ 1960

## ערד און הימל וועלן וויסן

עס איז געשען. מיר האָבן אַלע
מיט טיפן האַרץ־פּלאַטער געהערט,
ווי קאָסמאָס־הייכן זיך צעפּראַלן
פאַרן שאַליעך פון דער ערד.

ווער איז ער, ווער? פון לאַנג שוין גאַרן
דעם נאָמען וויסן אַלט און יונג.
איצט איבער לענדער הילכט: גאַגאַרין —
אַ רוסישער, אַ ווײַלער יונג.

ס׳האָט לאַנדסמאַן אונדזערער דער ערשטער
צו שטערן זיך געטאָן אַ ריס,
און ס׳וועט דער קאָסמאָס דער באַהערשטער
געדענקען אים — דעם יונגן ריז.

איצט וועלן ערד און הימל וויסן,
אַנציקט פון דעם, וואָס ס׳איז געשען,
וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע ריזן
דאָס הײמלאַנד מײַנס געבוירן קען.

12 אַפּרעל 1961

## די ערד איז וואך

1

ווו עס זאָל א מענטש ניט זײַן,
וואָס ער זאָל ניט טאָן,
קומט א צײַט, ער מידט זיך אײַן,
צײַט פאר שלאָף קומט אָן.

און אפילע דאָרט, פונויבן,
אין די הימל־ספערן,
שליסט דער מענטש אויך צו די אויגן,
וויל אנשלאָפן ווערן.

איז א ראַדיאָ געלאָפן —
ס'האָט גערעדט דער קאָסמאָנאווט:
— ס'איז שוין צײַט, איך לייג זיך שלאָפן,
האָט א גוטע נאכט...

באלד האָט זיך די ערד פארטײַעט,
אויג און אויער אָנגעשפּיצט
צו די הייכן צו די פרײַע,
ווו דער פליִער דרעמלט איצט.

אין דער וויג דער קאָסמיש־ברייטער
ווער האָט שלאָפן ווען געוואגט?
א פארזאָרגטע, א דערפרייטע,
קוקט אף אים די ערד און וואכט...

2

און אַט ביסטו ווידער מיט אונדז
אזא, דאכט, ווי טויזנטער אנדערע,
דעם היימלאנדס געראַטענער זון,
דער מוטיקער קאָסמישער וואנדערער.

באטראַכטן די לײַבלעכע ערד
האָסטו מיט א לויטערן שמייכל
פון איינעם, וואָס האָט שוין געהערט
פון די שטערן די ווײַטע געשפּרעכן.

זיי האָבן פארכידעשט געגאפט,
ווען האָסט צווישן זיי זיך באוויזן —
א שרעקלאָזער העלד — קאָסמאָנאווט
פון שייועט סאָוועטישע ריזן.

דו האָסט זיי געשטרעקט דאָרט די האנט,
ווי זײַן זאָלט איר לאנג גוטע ברידער.
געזאָגט: — לאָמיר זײַן באקאנט, —
טיטאָוו — א סאָוועטישער בירגער...

נאָך נעכטן דער וועלט ניט באוווּסט,
און הײַנט שוין — איר העלד און איר ליבלינג,
נעם אויף איר באגײַסטערטן גרוס
אין הילכיקן פלאטער פון לידער!

אווגוסט 1961

## הײַנט געשען עס איז...

איר האָט געהערט. און ניט געגלייבט. און ניט באנומען.
ווײַל ס'איז באנעמען שווער און גלייבן ס'איז צוערשט ניט לײַכט,
אז פּאַשעט אָט אזוי, ווי מיר פון שטוב אינדרויסן קומען,
ס'האָט זיך אין כאשכעס קאָסמישער א מענטש געטאָן א שלײַך...

צום ערשטן מאָל. דער ערשטער מענטש. עס וועלן זײַן נאָך וואונדער,
פון זיי עס וועט נאָך גאפּן איבעראשט די וועלט.
נאָר הײַנט געשען ער איז, דער שפּרונג פונעם יאָרהונדערט,
דער סאמע ערשטער שפּרונג, מיט העכסטער העלדישקײַט באהעלט.

18 מארט 1965

## זיבן

זיבן זײַנען זיי געגאַנגען,
זיבן האָבן זיי געשפּאַנט,
שטאַרקע, װוּקסיקע און שלאַנקע
בײַ דער הױכער קרעמל־װאַנט.

מ'איז צום מאַוזאָליי געקומען,
לענינען געקומען זען,
אים בלױז מיט אַ בליק אַ שטומען
זאָגן, װאָס עס װעט געשען.

און אָט שװעבן אַלע זיבן
אין דער שטערנפֿולער װײַט,
און עס האָט מיט גאָלד פֿאַרשריבן
זײער אופֿטו שױן די צײַט.

דאָרט אין הײך מיט זיי צוזאַמען,
ער, װאָס װאַכט אין מאַוזאָליי.
ער — דער ריזן־פֿעסטער שטאַם איז,
זיבן צװײַגן זײַנען זיי.

13 אָקטיאַבער 1969

# לונאָכאָד

א וואָרט א נײַס האָבן דערהערט
און אפן אָרט עס אָנגעייגנט
די שפּראכן פון שעקספּיר, וואָלטער,
די שפּראך פון דאנטע און פון הײנע.

עס איז קיין נײַס ניט פאר דער וועלט —
אף שפּראכן אלע שוין ניט איין מאָל
ס׳האָט פּריש און פּײַערלעך געהעלט
דאָס וואָרט פון לענינס גרויסן היימלאנד.

דערמאָנט זיך: ספּוטניק און סאָוועט,
אף ערד אף אונדזערער געבוירן
און איבער גרענעצן אוועק
פונדאנעט שפּאנען, ווי גיבוירים.

ווי פון דער זון די העלע ראָד
אין בלענד פון די צעגליטע שטראלן,
א וואָרט א נײַס איצט — לונאָכאָד
שײַנט איבער קאָנטינענטן אלע.

אף לאנד מײַנס קוקט די גאָרע ערד,
פון פרייד און שטוינונג א באהערשטע.
דער גרויסער אופּטו אונדז געהערט,
און אונדז געהערט דאָס וואָרט דאָס ערשטע.

נאָיאבער 1970

## טאָגטעגלעכקײַט

צוויי רײַזנדער פון קאָסמאָס זיך באוויזן.
לעוואָנע-גרונט אָט דאָ — אַף אונדזער ערד.
צוויי נײַס האָט מיטאמאָל דער טעלעוויזאָר
אונדז מיטגעטיילט. מיר האָבן אויסגעהערט,

און צו זײַן מי אוועק איז יעדער איינער,
ווי גאָר קיין אויסטערלישס זאָל ניט געשען.
פון קאָסמאָס קומען — דאָס איז שוין געוויינלעך.
אַף דער לעוואָנע איז מען אויך געווען.

טאָגטעגלעכקײַט עס ווערט דער גרעסטער ווונדער,
דער גרעסטער ווונדער די טאָגטעגלעכקײַט הײַנט ווערט.
אזא דער צייכן איז פונעם יאָרהונדערט,
אזא פון אונדזער צײַט דער הויכער ווערט.

26 אווגוסט 1976

## אף דער ערד פון אָקטיאַבער

אף דער ערד פון אָקטיאַבער, געקומען פון קאָסמישע רוימען,
געשטעלט האָבן העלדן א פעסטן, א זיכערן טראָט.
פון מענטשהייט פארווירקלעכט די סאמע פארבאָרגענע טרוימען,
פון וועלט און פון וועלטאל זיי שטרעבן דערגרייכן דעם סאָד.

באגריסט ס'האָט די ערד זיי מיט שימער פון הארבסטיקער קליידונג,
זיי האָבן א גרוס איר פון בליציקע שטערן געבראכט —
דער ליבער און לײַבלעכער ערד, וואָס די טאטעס און זיידעס
זי האָבן באפרײַט אין א הארבסטיקער שטורמישער נאכט.

באפרײַט צוליב דעם, זי זאָל ווערן פאר דוירעס און דוירעס
א זוניקער בײַשפּיל פון פרידן, גערעכטיקייט, גליק,
באפרײַט צוליב דעם, אז די זין אירע דרייסט און אָן מוירע
זאָלן פליִען צו ווײַטע פּלאנעטן און קומען בעשאָלעם צוריק.

5 נאָיאַבער 1978

## אנאנאסן

קײַ אנאנאסן,
ריאבטשיקעס פרעס,
געקומען, בורזשוי,
דײַן לעצטער מעסלעס!
אנערעך אזוי
ט׳מאיאקאָווסקי געזאָגט
אין טעג, ווען עס האָט
דער אָקטיאבער געטאָגט.
צענדליקער יאָרן
זינט דאן איז אוועק.
ברייט פון אָקטיאבער
שפרייט זיך דער וועג,
ברייט און צעהעלט
איבער דער וועלט.
און אָט:
א מאגאזין.
ער באדינט
א פּאָר ניט גרויסע גאסן.
פון גאנצפרי
פארקויפט מען
אנאנאסן.
קינדערלעך, א היפּשע ריי.
איך שטיי
נאָך זיי.
פריִער נעמען כ׳וואָלט געקענט,
נאָר כ׳וויל ניט.

איך האָב די פרוכט
אמאָל שוין פארזוכט,
זיי — נאָך ניט,
זײַנען זיי בילכער.
ס'נעמט יעדער קינד אן אנאנאס
א גאָלדיק העלן,
און אויגן קוועלן,
קוועלן...
כ'האָב אויך אהיים געבראכט
א פּאָר.
די פּראכט,
די גרייס, דער רייעך
פרייען, פרייען...
צו זאט זיך אָנגעקוקט,
די פּיירע איך צעשנײַד.
זי איז אף העלפטן צוויי
צעפאלן.
א זון...
א זון פון יעדער זײַט!
ארום די זונען —
שטראלן.
אין זאפט אין שמעקנדיקער
כ'בײַס זיך אײַן.
אי זיס, אי זויערלעך
דער טאם איז.
ס'אנטשטייט פאר מיר אין הייסער שײַן
די ווײַט, ווו אייביק בלענדט דער טאמעז.
א ריפטל, נאָך א ריפטל כ'שנײַד, —
מיט גרויסער טו איך עס האנאָע —
און קלער פון גאָר אן אנדער צײַט, —
איך מיין, זי איז צו אונדז שוין נאָענט:
עס וועלן קריגן ווערן אויס,
און באָמבעס — אויס,

**און אויס די שרעק.**
**א מענטש קיין מענטש וועט מער ניט האסן.**
**אויף גאַרער וועלט —**
**פון עק ביז עק —**
**ווי גרויסן גאָלדענע,**
**ט׳מען טיילן**
**א נ א נ א ס ן...**

מײַ 1977

## באנאכטיקע געדאנקען

אַן ערדציטערניש דאָ, אַן ערדציטערניש דאָרט.
אין איינעם, אין א צווייטן אָרט
די ערד עס טוט א טרייסל מיט אַן אקסל.
דער הימל טוט זיך א צעפלייץ מיט שלאקסן.
דאָ יאָגן טײַכן איבער ברעג,
דאָרט קנאלן
און צעפאלן
בערג.
די ערד שלינגט אײַן א הויז נאָך הויז,
א רעגע — און א שטאָט ווערט אויס.
מאנילע,
כאלי,
גאזלי...
אוי, די נאטור, —
אוי, קען זי זײַן א גאזלען!
מיט פעך און שוועבל עטעמען ווולקאנען.
מיט נעמען צארטע קומען ראַצכים — הוראגאנען.
אַן אומגליק איז אָט דאָ, אָט דאָרט געשען.
די מאמעניו — נאטור
ווײַזט, וואָס זי קען!
פאראן איז אָבער נאָך א קראפט —
א בייזע קראפט.
ווו העל און זוניק דער לאנדשאפט,
זי זויגט פון כּיעס אויס די זאפט.
ווו ליכטיק,
פינצטערניש זי שפרייט,

ווּ לעבן —
דאָרט דעם טויט זי זייט.
די קראַפט אָט די
מיט בליצן שיסט,
די קראַפט
ווי וואַסער, בלוט פאַרגיסט,
אין אַטאָם-סרייפע זי איז גרייט
פון וועלט פאַרטיליקן די פרייד.
און קראַפט אָט די דאָך מענטשן שמידן,
דעם נאָמען מענטש
ניט ווערט,
ניט ווערט...
ס'טוט צאַרעס די נאַטור — א בלינדע,
בעקיוון
שמידן זיי
געווער.
דער קיוון דער
אי בייז, אי שענדלעך:
די גאַנצע ערד מעג ווערן אַש,
נאָר זאָלן רענדלעך,
גאָלד'נע רענדלעך
קלינגען, קייקלען זיך אומענדלעך
צו זיי אין טאַש...
פון זיי די וועלט זיך מוז באַפרייען.
אָ, וועלט, ניט לאָז פון זיי קיין שפור.
און דאַן ציל אָן דיין גאַנץ קלייזייען
אויף בלינדער קראַפט פון דער נאַטור.

1976

## עס זינגט מיריי מאטיע

כ׳פאַרשטיי ניט, צום באַדויערן, דײַן לשון,
נאָר די נעשאָמע דײַנע איך פאַרשטיי,
ווען שטייסט אַזוי, מיט הייסער שײַן פאַרגאָסן,
און ס׳גיסט פון האַרץ אין האַרץ זיך דײַן געשריי.

די אויגן דײַנע שטרענג, און אָט — זיי שמייכלען,
אָט צאָרנפול, אָט פול מיט מילדער שײַן.
דײַן שטים פאַרפליט צום הימלס הויכע הייכלען
און דרינגט פונדאָרט צו מיר אין האַרץ אַרײַן.

דײַן ליד איז וועגן גליק פון מענטשן פּראָסטע,
די ערד אַליין מיט צויבער פילט זי אָן.
און גרייט איך בין זיך באַלד נאָך דיר א לאָז טאָן
בא וואָרט בא דײַנעם — רעוואָליוציאָן...

טאָ זינג, מיריי! פיל אָן מיט פרייד די הערצער,
זינג וועגן קאַמף און וועגן ליבע-גליק.
בלײַבט שטום, פון קריג די בייזע אונטערהעצער!
דײַן ליד, מיריי, — אַ זינגענדיקע בריק.

זי לאַנד מיט לאַנד און פאָלק מיט פאָלק פאַרייניקט,
אין יאַם זי שוועבט, צו וואָלקנס פליט זי אויף.
זינג, זינג, מיריי! דײַן ליד איז פּראָסט און הייליק —
צו פרײַנטשאַפט-גליק אַ שטראַלנדיקער רוף.

יוני 1977

## הערנדיק ריכטערן

ווי טרײַ און פֿלײַסיק כאַוועז
אין זיך דעם גאָען מ׳האָט געדאַרפֿט,
קעדיי בעטהאָוועז
זאָל קלינגען
אַזוי איידל,
אַזוי שטורמיש,
אַזוי צאַרט.
דו הער זיך אײַן
אין יעדן קלאַנג:
ווי קורץ ער איז,
ווי לאַנג...
ווי ער איז נידעריק,
ווי הויך...
פֿון ווינטל אָט א מינדסטער הויך
רירט קוים א בלעטל אָן...
און אָט עס וויכערט שוין די לופֿט,
און שטורעם רופֿט
צו לעבן,
שטרעבן,
טאָן!
בלויז איינס רעאַל —
אָט דער ראַיאַל.
און כוץ אים אַלץ —
ניט וואָר.
בלויז דער ראַיאַל,
און — גאָר.

און נאָך — דעם מײַסטערס הענט.
פון זײ געװענדט,
אַז גאָר די װעלט
זאָל זיך פאַר דיר אַנטפּלעקן.
די קלאַנגען װעקן,
זײ הײבן אױף אין דיר אַזױנס —
דו שטױנסט, —
װאָס קײנמאָל האָסטו ניט געאַנט.
אַ װאַנט
פאַלט אײַן,
און נאָך אַ װאַנט...
פאַר דיר ברױזט אױף אַ יאַם מיט פרײד,
מיט לײד געמישט,
מיט כװאַליעס לײד...
נאָר ס'איז די העכסטע כװאַליע —
פרײד.

יול 1977

## אפֿן אײַז

ס'איז געפֿאַלן ראָדנינא.
נא דיר, נא! נא דיר, נא!
ס'איז געפֿאַלן ראָדנינא?
יאָ, געווען אַזאַ מין פֿאַל:
פּלוצעם ט'זי געטאָן אַ פֿאַל,
זי, וואָס איז אין קיין שום פֿאַלן
נאָך קיין איין מאָל ניט געפֿאַלן.
נו, איז וואָס? אַן אויגנבליק,
און זי איז שוין אויף צוריק.
אפֿן אײַז זי טראָגט זיך שנעל,
ווי ס'זאָל גאָרניט ניט געשען.
און מיט וועמען ט'ניט געטראָפֿן:
מע איז זיכער, גוט געלאָפֿן,
און צולעצט —
אין דר'ערד אַ זעץ!
ניט געפֿערלעך, אויב מע פֿאַלט,
וויכטיק — אויפֿהייבן זיך באַלד.
אויב אַ פֿאַל טאָן צו דער ערד
עס איז עמעצן באַשערט,
זאָל ער נאָר ניט זײַן קיין נאַר
און דאָס אָפּטאָן פּונקט אַזוי —
אָן אַ קרעכץ און אָן אַן „אוי",
ווי אירינע ראָדנינא.

1977

# קאָנצערט

פיר האַרפֿעס. פֿרויען פֿיר.
די האַרפֿעס אוראַלט-אַלט.
די פֿרויען — יונג.
מיט צויבער פֿול איז יעדער ריר
צו סטרונעס צאַרטע, יעדער קלאַנג
און קלונג.
און ס'טוט מיר באַנק,
וואָס ווי די האַרפֿעס
כ'בין ניט אַלט,
ניט ווי די פֿרויען
יונג...

1978




## ווי אלעמאָל...

וויִ אלעמאָל, בין איך הײַנט אופגעשטאנען פרי
און אפן קאלענדאר כ׳האָב איבערגעלייגט נאָך א בלעטל.
ווי צוגעקומען עס איז שוין דער טאָג!
אכט שאָ ער האלט מיט נײַן מינוט אפילע.
און ערשט ניט לאנג געווען איז זיבן.
צו זיבן שאָ, ניט מער — אזעלכע קורצע טעג.
און אָט שוין אכט מיט נײַן מינוט מיט גאנצע.
עס קומען אף מינוטן צו די טעג,
און די מינוטן —
זיי לייגן זיך צונויף אין שאָען, שאָען.
ווי גוט איז, ווען די צײַט קומט צו!

און ווי, ווען זי ווערט ווייניקער,
גייט אָפּ?
אין מענטשנס לעבן אומפֿאַרמײַדלעך קומט די שאָ
פֿון טרויעריק באַגרײַפֿן — ס׳איז אַ טאָג אַוועק,
ניט אומקערן זיך וועט ער...
אַוועק — פֿאַרפֿאַלן, אויס!
און וויפֿל טעג דו האָסט נאָך — ניט באַוווּסט.
איז וואָס?
די טעג אָט די באַוויינען?
נאָר ווער האָט צײַט דערויף?
און ווער וואָלט אַזאַ צײַט־פֿאַרשווענדעניש דערלויבט?
מינוטן, שאָען וויפֿל, וויפֿל טעג אין דײַן רעשוס —
דו ווייסט ניט? וויסן דאַרפֿסט עס ניט. צו וואָס?
נאָר ווייס:
איעדן טאָג, איעדערע מינוט און רגע
פֿיל אָן מיט דאָפּלטער געטרײַער מי׳,
און דאָס וועט דאָפּלט אויך פֿאַרלענגערן דײַן לעבן.
יאָ, ווילסטו לעבן לאַנג,
ניט צייל די טעג,
פֿיל זיי מיט אַרבעט אָן!
זיי גייען דורך — ניט יאָמער.
קיין אַנדער סגולה איז מיר ניט באַוווּסט
פֿאַר גליקלעכע אריכות־ימים.

יאַנואַר 1977

# פאַריקע נאכט

פאַריקע נאכט. פאַריקע נאכט...
געטאָן וואָס האָב איך פאַריקע נאכט?
געשלאָפן.
נו, יאָ, געשלאָפן.
עמעס, געזעסן ביז שפּעט,
ווי אָפט ס׳געשעט.
זיצנדיק אָנגעלענט,
זיך פארלייענט.
און ערגעץ ווײַט,
אין דער פּראָווינץ כאָראסאן,
אין איראן,
די ערד האָט געקראכט.
א טרייסל,
און א שטאָט, —
— א גאנצע שטאָט!
ניטאָ דאָרט איצט ווען צו טרייסטן —
ט׳געטאָן זיך
אין דער שויל-טאכטיע
א שאָט.
אין דער שויל-טאכטיע.
סטיכיע!
געווען א שטאָט.
ניטאָ קיין שטאָט.
מיט ערד פארשאָטן...
דער שאָטן
פון נאכט

וועט הײַנט ווידער
מיך א שלאָפּלאָזן טרעפן.
כ'וועל ליגן א מידער,
די אויגן צעעפנט,
דאָס האַרץ
פאַרשטאַרט.
און די נאַכט —
אָן ענדע...
מעגלעך,
נאָך א שטאָט
ערגעץ קראַכט?
און סטיכיעס בלינדע
ערגעץ פרויען און קינדער,
און זקנים
פאַרלענדן.
און קיינעם, קיינעם
דער אומגליק ניט שוינט...
ניט שוין זשע?
ניט שוין?..

סעפטיאַבער 1978

## פעדעריקאָ גארסיִא לאָרקאַ

איך האָב דעם טאָג דעם נעכטיקן
אראָפּגעריסן,
דעם טאָג דעם היינטיקן
אנטבלויזט.
א טאָג א נייער
לאָזט מיר גריסן.
נאָר אומגעריכט
אין הארץ
א שטויס.
היינט — פינפטער יון.
ס'איז זומער, זון.
אין הימלען —
לויטערקייט
און קלאָרקייט.
אין אָט דעם טאָג
געבוירן איז
פעדעריקאָ
גארסיִא
לאָרקא.
היינט וואָלט ער אלט געוואָרן
אכציק.
אכציק יאָר...
באַם הארצן
קאלט.
קיין העלפט דערפון
ער ניט געווען איז אלט,

ווען צו דער ערד
געטאָן האָט ער א פאַל,
און ס׳האָט דער קנאַל
פון ראָצכעדיקן שאָס
אין ווײַטסטע ווײַטן
אָפּגעקלונגען...
ווו פון גאזלאָנעס, פון אכזאָרי׳עס די מאָס?
ער וואָלט אזויפיל נאָך געזונגען...
נאָר אָט ער קושט די ער׳ד
צום לעצטן מאָל
מיט טויטע ליפּן.
ער,
וואָס האָט ניט אופגעהער׳ט
זי צערטלען,
לויבן,
ליבן...
געצילט אין אים עס האָבן די
טײַוולאָנים בלוטיק־ברוינע,
וואָס שוין דערמיט אליין,
וואָס אייד׳לער דיכטערישער כיין
זײַן שטערן האָט באהויכט,
איז ער געווען פאר זיי
דער ערגסטער סוינע...
און ער?
ער האָט פאָרויסגעזען עס, דאכט,
אין זײַנע לידער.
אָט לייענט,
לייענט נאָכאמאָל און ווידער:
„טײַכן גיסן זיך צוזאמען,
גראָזן פלעכטן זיך צוזאמען,
נאָר מיך דער ווינט עס האָט צעווייט״.
יאָ, יאָ, אים האָט דער ווינט צעווייט...
„שווארצע לעוואָנעס איבערן פליין,

אין יאם ווערט די שײַן אלץ לינדער.
עס יאָגט מיר נאָך דאָס געוויין
פון מײַנע ניט געבוירענע קינדער״...
און נאָך:
„כ׳געזעגן זיך באַם ראנד פון וועג״.
ס׳איז יעדער ראנד און יענער וועג
פון אונדז פארהוילן.
„מיט אן אנדער ניטדאָיקן וועג
כ׳וועל אוועק פונעם שיידוועג
וועקן די טריבע דערמאָנונג
וועגן דער שווארצער מינוט״...
געוועזן ס׳איז די שווארצע מינוט,
טעג און יאָרצענדליקער שווארצע.
אויך הײַנט זײַנען זיי נאָך דאָ,
די ווילדע מעטורעפע קלאָווים.
זיי דארפן קיין דיכטער,
זיי דארפן קיין נאָווי.
אלטע פאשיסטן,
נײַע פאשיסטן,
שיסן זיי דארפן,
שיסן,
שיסן.
שיסן אין נײַס,
שיסן אין אלטס.
שיסן אין אלץ,
וואָס נערט די געשיכטע
מיט ליבע,
מיט דיכטונג...
זיי וואָלטן די מענטשהײַט די גאַרע
באלייגט אין פארפרוירענע מאָרגן.
ניט זיי,
ניט זיי
געהערט אָבער אונדזער מאָרגן.

אויך הײַנט
ער שײַנט
מיט ל̄ויטערקײַט,
זויבערקײַט,
קל̄אָרקײַט,
דער צעשאָסענער
און דער אומשטערבל̄עכער
פעדעריקאָ
גארסיא
ל̄אָרקא.

5 יון 1978

# די שײַן פֿון װײַטע שטערן

שוואן און לירע זײַנען שטערנבילדער פֿונעם זומער־דיקן הימל. דאָס ערשטע באַשטייט פֿון הונדערט פופציק שטערן, וועלכע לאָזן זיך זען מיט א ניט באַוואָפנט אויג. דער העלסטער צווישן זיי איז דענעב. באַנאַנד געפינט זיך דאָס ניט גרויסע שטערנבילד לירע. זײַן גרעסטער שטערן איז וועגא.

(פֿון א נאָטיץ אין קאַלענדאַר)

דער מילכוועג, — צי ווייסטו, ווי ער איז ווײַט?
עס האָבן געלערנטע געפאָרשט אָט די ווײַט
און האָבן דער וועלט דערציילט:
דאָרט, ווו דעם מילכוועג אויף צווייען צעטיילט,
א שטערנבילד ש װ אַ ן
איז פֿאַראַן.
מע קאָן זען, ווען קיין וואָלקנס ניט שטערן,
זײַנע הונדערט פופציק שטערן.
ד ע נ ע ב צווישן זיי
דער גרעסטער איז.
פֿון דער זון פֿיל גרעסער
דער דאָזיקער ריז,
און שײַנען ער שײַנט —
דו הער נאָר, הער —
אין פֿיר און צוואַנציק טויזנט מאָל מער,
איידער די זון.
איידער די זון...
און —
די שײַן זײַנע פֿליט צו דער ערד
לויטער און קלאָר
גאַנצע אַכט הונדערט צוואַנציק יאָר.
און נאָך א א שטערנבילד
ל י ר ע דערבײַ.

דער שטערן דער גרעסטער דאָ —
וו ע ג א.
אינגאנצן סאכאקל אין דרײַ
מאָל גרעסער ער איז פון דער זון —
א שטערן — א ברעקל
אף ווײַטע גאלאקטישע וועגן.
די שײַן זײַנע,
קלאָרער פון קלאָר,
זי פליט צו אונדז
זיבן און צוואנציק יאָר...

און מיר מיט דיר
אָט דאָ, אף דער ערד,
ווי שײַנען מיר
יעדער איינער באזונדער?
זאָל זײַן ניט ווי וועגא,
ניט ווי דענעב,
נאָר אויב באטראָטן מיר האָבן
די ערדישע וועגן,
א באזונטער,
אף זיי אויב איך לעב,
איז דען ניט מײַן כויוו,
איז דען ניט מײַן פליכט
כאָטשבי א קאפעלע
אויסשטראלן ליכט,
וואָס צו עמעצן זאָל עס דערגיין
אזוי הערלעך און קלאָר
אין ווייס איך דאָרט וויפלטן יאָר?
יאָ, ס׳איז מײַן כויוו,
יאָ, ס׳איז מײַן פליכט —
יעדער קלאפ פון מײַן הארץ
זאָל אויסשטראלן ליכט.

אווגוסט 1978

## באם קאלענדאר

ווען האָט עס באוויזן ווערן אזוי דאר
דער קאלענדאר?
פון טאָג צו טאָג
פון אים א בלעטל אָפּגעפאלן, —
אויס, פארפאלן! —
נאָר איך האָב ניט באמערקט,
ווי מאָגערער מיט יעדן טאָג
ער ווערט.
און היינט ערשט מיטאמאָל
דערזען...
וואָס איז געשען?
א יאָר, — אָ, נאָך א יאָר! —
שוין גייט אוועק.
א שרעק!
און ווו די אופטועז,
וואָס זיינען אָנגעמערקט,
פּלאנירט?
ווו דאָס פארטראכטע
ברייט אזוי און גרויס?
א יאָר גייט אויס.
אונטערגעפירט!
און וויפל איז דיר נאָך באשערט
דען אף אָט דער געבענטשטער ערד
צו זען, ווי ס'דארן
קאלענדארן?
אף וויפלטן פון זיי,

אױף אָט דער זעלבער װאַנט,
דאָס בלעטל,
װאָס שױן ניט דײַן האַנט
אַראָפּרײַסן עס װעט?
טאָ אײַל זיך, אײַל, —
זאָל מידקײַט זײַן פֿאַרװאָרט! —
אַז יעדער װײַל,
ביז דו ביסט דאָ,
זאָל ברענגען נוץ.
און װיפֿל גוטס
דו קענסט נאָר אױפֿטאָן, —
טו!

נאָיאַבער 1977




## זײַן וואָרט

1

א באנד מיט לעגינס געזאמלטע ווערק.
אף טאַוול רויטן זײַן סילועט.
און יעדער שורע צו דיר עס רעדט,
און יעדער שורע פאר דיר עס שײַנט,
ווי אָנגעשריבן ער וואָלט זי
הײַנט.

„בריוו פון דער שווייץ".
ער האָט אין דער שווייץ זיי געשריבן

אין מארט — אפּרעל פון זיבעצנטן יאָר.
אזויפיל יעדער וואָרט אין זיי
באַטײַט.
א פאקט צו פאקט ער האָט געקליבן
פון דעמלטיקער הארבער וואָר
און קלאָרע אויספּירן געמאכט:
פון דער מאָנארכיע
צעפאלן איז די מאכט, —
פון רעוואָליוציע
ס'איז דער עטאפּ
דער ערשטער.
און קלאָר געצייכנט ווערט
פון יעדן קלאס און שיכט די ווערט
אין שלאכט מיט נײַע הערשער.
שוין דאן ווערט פּינקטלעך אָנגעוויזן
דער גרויסער ציל — סאָציאַליזם.
מיט קאָל מיט פולן ווערט געזאָגט:
בלויז ער —
און קיינער מער —
פארמאָגט
די מעגלעכקייט דעם פאָלק צו געבן
דאָס, וואָס ס'איז זיין האָפענונג, זיין שטרעבן
אין קאמף מיט קנעכטשאפט, הונגער, טויט, —
באַפרײַונג,
שאָלעם,
ברויט.
די ווערטער די — אונטערגעשטראָכן.
דאָס וואָרט סאָציאַליזם — אויך.

דעם פײַנט האָט רוק-און-לענד געבראָכן
פון רעוואָליוציע דער קויך.
א כוידעש דורכגעפלויגן שנעל.
די הימלען אויסגעלײַטערט האָט אפּרעל.

2

ס׳האָט דער וואָקזאַל-פּלאַץ יענע נאַכט געראַשט,
ס׳האָט שײַן און פֿינצטערניש געטוישט
זיך אויף די פֿאָנעס,
קעפּ,
אויף אים
און אויפֿן בראָנעוויק.
זײַן שטים
צו מוט גערופֿן האָט,
צו טאַט.
דערהויבן
ס׳האָט איר ענדגילטיקן עטאַפּ
די רעוואָלוציע אָנגעהויבן.
פֿון אַ געווײנישער סימפֿאָניע די נאָטן
עס זײַנען זײַנע טעזיסן געוואָרן.
פֿון רעוואָלוציע דער הייסער אָטעם
פֿון צווייפֿל האָט פֿאַרברענט דעם דאָרן,
אין מיליאָנען הערצער אײַנגעפֿלאַנצט דעם גלויבן
אין זיג ענדגילטיקן. און אויב
צו פֿאָדערונגען נײַע טויב
ס׳איז עמעצער געווען און נידערטרעכטיק
דערגאַנגען ביז פֿאַראַט,
האָט מעכטיק
לעני׳ן זיי פֿאַרורטיילט
און דערוויזן:
מע דאַרף די רייען ענגער שליסן
און זיגן וועט
דער פּראָלעטאַריאַט.
נאָר צוליב דעם עס איז אַן אויפֿשטאַנד נייטיק.
און אויפֿשטאַנד — דאָס איז קונסט —
האָט מאַרקס געלערנט.
באַלד אויספֿירן דערפֿון געמאַכט עס ווערן:

איין וועג פאראן — ניטאָ קיין צווייטער —
אף די זאוואָדן גיין, אין די קאזארמעס —
דאָרט
פון באָלשעוויקעס איז דאָס אָרט,
פון רעוואָליוציע דער קוואל,
די רעטונג.
מע טאָר קיין זאך מער אָפלייגן אף שפעטער.
און לענין פון צק עס ריכט די טריט,
אין פלאמיקע ארטיקלען און אין בריוו
פון רעוואָליוציע די אויפגאבן קלערט אוף:
— די מאכט די ראטן!
— די פעלקער — שאָלעם!
— די ערד — די ארבעטנדיקע! —
אזא זײַן פײַערדיקער רוף.

3

„מעלוכע און רעוואָליוציע" — דאָס גרויסע ווערק,
וווּ אָנגעמערקט אזויפיל ווערט.
אין נאָכוואָרט האָט ער דאן געשריבן:
נאָך איין קאפיטל האָט ער זיך געקליבן
דאָרט צושרײַבן, נאָר ניט געקענט,
אים האָט דער אופשטאנד אָפגעווענדט.
און ס'איז צו זען —
עס זאָל אים אָנהייבן צו ארן.
פארקערט, זײַן פרייד איז גרויס אָן שיר, —
פון רעוואָליוציע די דערפארונג
איז וויכטיקער, ווי שרײַבן וועגן איר...

4

זעקס צענדליק יאָר אדורך זינט יענע טעג.
פאָרויס עס שפאנט מיט לענינישן וועג

7*

דאָס לאַנד, ווו אופגעגאַנגען ס'איז מיט שעפע זייַן פּאַרזיי,
ווו ס'זייַנען איינס דאָס פאָלק און די פּאַרטיי.

ס'איז דען א סאַך זעקס צענדליק יאָר?
אַן אויגנבליק בא דער געשיכטע.
נאָר סאַרא וווּנדערלעכע וואָר
עס האָבן צו באַזינגען דיכטער.

אין קאָסמאָס מענטשן פלִיען דרייסט,
פון דער לעוואָנע גרונט האָט מען באַקומען.
אַזויפיל שווערע אופגאַבן געלייזט,
אַזויפיל פעסטונגען גענומען!

וואָס לענין האָט פאָרויסגעזאָגט,
וואָס ער פאָרויסגעזען האָט זיכער,
די קאָנסטיטוציע אונדזערע פאַרמאָגט —
די כאַרטיע פון קאַמף און זיגן.

און וואָך מיט אונדז ער איז אויך הייַנט
אין אַלץ, וואָס ווערט אין מי געבוירן.
און זייַן געדאַנק עס לויכט און שייַנט
אין אופטו יעדן פון גיבוירים.

אין דאָמנעס, אפן  ב א ם,  אין פעלד,
אין שאַכטע, אין לאַבאָראַטאָריע
זייַן ליכטיק וואָרט אומשטערבלעך העלט —
פון צייַט די גרויסע אָראַטאָריע.

א טייל אירער — דער רויטער באַנד.
אף אים דער סילועט דער ליבער.
מייַן אייניקל, פון האַנט צו האַנט
אויך דיר מיט פרייד איך גיב אים איבער...

אָקטיאַבער 1977

## מײַן האַרץ — אַ לעבעדיקע בריק

אין ברייטן פענצטער
(אַ וואַנט אַ האַלבע)
פון מײַן ליכטיקן האָטעל
די אַלטע ווילנע
קוקט אַרײַן
מיט אירע טונק׳לע, גראָבע
ווייניקפענצטערדיקע ווענט.
זי קוקט אַרײַן
מיט שפּיצעכיקע צלאָמים
אויף די קלויסטערס, קירכעס
און קאַסטיאַלן,
קוקט
מיט שוואַרצע טשערעפּענע דעכער,
מיט שלאָס אויף באַרג.
און אַלץ צוזאַמען,
דאַכט מיר,
דריקט
און רוקט זיך אָן
מיט טײַנע גרויזאַמער
אויף מיר:
צי ווייסטו כאָטש,
דו איינער,
באַם ברייטן פענצטער
פון דײַן ליכטיקן האָטעל,
וויפל דורעס
פינצטערניש
און וויי,

7—2304

און פײַן
צווישן דיר און אונדז
זיך שפּרייטן?
צי ווייסטו,
צי פאַרגעסטו ניט?
מיר וועלן עס
דערמאָנען דיר
מיט צלאָמים אונדזערע,
מיט טונק׳לע, גראָבע,
ווייניקפּענצטערדיקע ווענט...

און ווילנע ייִדישע
עס קוקט אויף מיר
פון יאַטקע-גאַס,
פון גלעזער-גאַס,
פון שניפּישאָק
מיט טונק׳לע, אויסגעקרימטע
און פאַרדרייטע הויפן,
מיט האַנדל-וואַנדלדיקן
דאַלעס,
מיט טאַלייסים,
מיט טאַנייסים,
וואָס האָבן פון קיין שום שלעק
ניט אויסגעהיט,
מיט ביידע געטאָס אירע...
און אַלע זיי,
די טויזנטער און טויזנטער,
די אָוועס מײַנע,
וואָס זײַנען שוין ניטאָ,
נאָר וועלן אייביק זײַן,
זיי פרעגן:
ווייסט?
געדענקסט?

האָסט ניט פארגעסן
אונדזער דאַלעס,
אונדזער נויט,
אונדזער לעבן,
אונדזער טויט?
כ׳געדענק!
דערפאר
באטרעט איך
אזוי פאַרזיכטיק און שטיל
די שטיינער הייליקע
אף יאטקע-גאס,
אף גלעזער-גאס,
אין שניפּישאָק,
באטרעט מיט צאר און וויי.
און ניט קיין צאר,
נאָר טיפער שטאָלץ
מיך נעמט ארום
אף אנטאָקאָלסקי-גאס,
אף דער מאדייסקער גאס.
דער קויעך שאפנדער פון פאָלק,
דער העלדנמוט פון פאָלק
דאָ זײַנען
איבער אומקום, איבער טויט
צו קיִעם אייביקן דערהויבן!

פון גאס צו גאס
איך גיי
און לייען פון שטילע שטיינער אויס
פאָעמעס הימלשרײַענדיקע
פון א לעבן,
וואָס איז ניטאָ.
נאָר שאָטנס זײַנע
וועלן שטענדיק זײַן

אין שײַן
פֿון אונדזער טאָג,
בא יעדן ראָג
איך זע דיך,
ווילנע אַלטע,
אין געווימל דולן
פֿון דײַנע
ווייניק-זוניקע
און בלאָטיקע,
און בלוטיקע
מעסלעסן.
אױף שטיינער דײַנע הייליקע
איך שווער:
כ׳וועל ניט פֿאַרגעסן!
די קרומע ליקן דײַנע,
ווילנע אַלטע, איך פֿאַרלאָז,
מיט טרויער אַנגסטיקן
באַלעסטיקט.
אױף אַלץ און אַלעס
לויערט דאָ
דער אַלטער שלאָס —
פֿון צײַטן לאַנג פֿאַרגאַנגענע
די פֿעסטונג.
ווי הויך אָבער
שאַלט אױף מײַן גליק,
ווען כ׳שפּאַן די הויכע בריק
אַריבער
און, ווילנע נײַע,
כ׳טרעט אַרײַן
אין הייכלען פֿון צעשטראַלטער שײַן,
אין דײַנע ליכטיקע קוואַרטאַלן —
אין זשערמינײַ,
אין לאַזדינײַ,

די פענצטער בלענדיקע צעפּראלן
דאָ מויערן אַף טריט-און-שריט.
דאָס אויג וועט קיינמאָל ווערן מיד
דאָ זען די פּרעכטיקע פּראָפּאָרצן
פון נידער און פון הייך,
פון נאָענט און פון וויַט, —
די ריטמען פריידפולע
פון אונדזער הויכער צייַט.
אמאָל האָט וואלד
דאָ ווילד
גערוישט.
זע, שטיקער גאנצע, —
גרין און גרויס —
פון אלטן וואלד
מ'האָט צווישן מויערן געלאָזט...

דער אָוואר דאָרט —
באם אלטן שלאָס.
די צוקונפט דאָ
קומט יונג און נייַ
מיט זשערמינייַ,
מיט לאזדינייַ.
די לענג און ברייט
פילט אָן מיט פרייד
אַף יעדן ראָג
מייַן זשעדנעם בליק.
צווישן דעם נעכטיקן
און מאָרגנדיקן טאָג
פארבלייַב, מייַן הארץ,
א לעבעדיקע בריק.

אפּרעל — יון 1975

# און ווידער אָנהייב וועג

סימפאָניע

די ערשטע קומען אריַין
די פידעלעך.
פיַין —
די פידעלעך.
אינמיטן
די וויִאָלאָנטשעלן
זיך שטעלן,
און וויַיטער —
מאיעסטעטיש,
געלאסן
זייער אָרט פארנעמען
די קאָנטראבאסן.
א טריבער גרוס
פון וויַיטער וויַיט —
די הארפע בא דער זיַיט.
אין הינטערגרונט
זיך טוט א הויב
די טרויב.
אף זייער פלאץ —
דער פויק,
די טאץ.
ס׳פארנעמט זיַין אָרט
דער דיריזשאָר
פונויבן אָן

און —
ס׳הייבט זיך אָן!
אַלץ אין באַוועגונג קומט —
עס זינגט,
עס ברומט,
עס שאַלט —
אין קלאַנגען-ווירבל
זינקט דער זאַל.
און פּלוצעם —
שטיל.
בלויז פידל-שפּיל...
און נאָכדעם,
אַלע מיטאַמאָל
אַף הויכן קאָל,
אין ווילדן יאָג,
עס וויכערט אַלץ
אין טאַנץ,
אין טאַנץ...
און ווידער —
שטילער,
שטילער,
שטיל...
און אָט
נעמט קלאָגן
דער פאַגאָט,
פאַר עפּעס ראַכמים בעט
בא גאָט.
די פידלען בעטן אויך.
די האַרפּע — איר געבעט.
נאָר ס׳טוט א פּויק
דער פּויק:
— ניטאָ קיין גאָט!
— קיין אָפּגאָט אויך ניטאָ! —

איר קאָל עס טוט א הויב
די טרויב
און אַלץ פארטויבט:
— ניטאָ!
עס דונערט, וויכערט
א געוווי און —
טויהו-וואָוויהו...
און ווידער
שטילער,
שטילער,
שטיל.
בלויז פידל-שפּיל
צו הערן קוים...
א מענטש
געבוירן ווערט.
א מענטש...

פארשאָלטן און געבענטשט,
זײַן וועג ער גייט
מיט האָפענונג און מוט
דורך בלײַ און בלוט,
דורך בלײַ און בלוט
מיט האָפענונג און מוט
און מיינט:
ניט ווײַט דער ציל.
ער גייט!
און עס פארכלינעט זיך
די פלייט
פאר פרייד,
די טאצן
טאנצן,
עס שוועבן סמיטשיקעס
איבער פידעלעך

געשווינד,
געשווינד —
אַלץ אין באַוועגונג איז...
דער מענטש — דער ריז
געקומען ענדלעך
צו דעם באַרג —
דעם הויכן באַרג,
וואָס אויפֿן וועג צו אים
האָט ער קיין שווייס
און בלוט אויך ניט געקאַרגט.
נאָר וואָס ער זעט
פֿון נייַער הייך?
דער ציל דערגרייכט,
און ניט דערגרייכט...
אַף גאָרער לענג,
אַף גאָרער ברייט —
אַ ווייַט אַ נייַע
אויסגעשפּרייט...
ס׳איז נאָכאַמאָל ערשט אָנהייב וועג.
ערשט אָנהייב וועג...
די פֿידלען
בלייַבן שטום
פֿאַר שרעק.
מער קלאָגט ניט
דער פֿאַגאָט
פֿאַר גאָט.
צו וואָס?
די פֿלייטן
אין פֿאַרצווייפֿלונג שווייַגן.
מע דאַרף ערשט
שטייַגן,
שטייַגן,
שטייַגן...

נאָר דו, אָ, מענטש,
צו גאַנג צו נײַעם
זײַ געבענטשט!
דער ווײַט
אפֿשר אַנטפּלעקטער
גלויב.
פֿאַר אָפּשטעל
קיינמאָל זוך קיין אָרט.
א וואָרט דער טרויב!
דעם פּויק א וואָרט!

1978—1968
דובולטי — ביראָבידזשאַן

# א מיטינג

װ. אי. פּעלערס ליכטיקן אָנדענק

1

אינמיטן טאָג, פון גאס אינמיטן
געהילכט עס האָט אין דאָרף א מיטינג.
קיין רעדנער האָבן ניט געפעלט,
און יעדערער — א לויב דעם העלד.
געלעבט ער האָט אין אָט דעם הויז,
האָט ערלעך, טרײַ טאָג-איַן, טאָג-אויס
אין מעשעך פון אזויפיל יאָר
געפעדערט פלײַסיק זיך קאָיאָר
און מיט אָט דער-אָ גאס געשפּאנט
אין פעלד, אין שטאל, צום טײַגע-ראנד
עס האָט זײַן באלעבאטיש אויג
געזען אף לאָנקעס יעדן סטויג.
פון אָרדענס פיל א קאוואלער,
פון קריג זיך אומגעקערט האָט ער,
און אים באשײַנט האָבן דערבײַ
פון רום די אָרדענס,
אלע דרײַ.
מיט יענע רום-אָרדענס באנאנד —
דער סאמע העכסטער לוין פון לאנד
פאר די, וואָס זיי דאָס פאָלק האָט האָלט,
א שטערנדל פון לויטער גאָלד.
און פונקט ווי פריִער דער סאָלדאט,
אויך איצט בלויז איינס האָט ער געהאט
אין וואכן זינען טאָג און נאכט —
פון לאנד די גוווּרע און די פּראכט
זיך מערן זאָלן אָן א שיר.
ער האָט זײַן לײַבלעכן קאָלווירט
צו שעפע הײמישער געפירט.

2

געלעבט ער האָט אין אָט דעם הויז,
האָט ערלעך, טרײַ טאָג-אײַן, טאָג-אויס
אין מעשעך פון אזויפיל יאָר
געפעדערט פלײַסיק זיך קאַיאָר
און מיט אָט דער-אָ גאס געשפּאנט
אין פעלד, אין שטאל, צום טײַגע-ראנד.
עס זאָל ניט טרעפן... טרעפן פלעג,
אז ערגעץ אין דער מיט פון וועג
דאָס הארץ געטאָן האָט שטארק אַ קלעם.
בלויז כמורנע האָט ער מיט דער ברעם
געטאָן אַ פּיר, און ווײַטער יאָגט
דער „גאזיק" זײַנער אָנהייב טאָג.

דאָך איז געשען — גאָר מיטאמאָל
געטראָפן האָט ער אין שפּיטאָל.
ניט קיין קאטאָוועס, אויב דאָס הארץ
מיט קראמפן וויטעקלעכע שמארצט.
אַ מילדע פרילינגדיקע שײַן
אין דער פאלאטע פלייצט אריין.
צעגאנגען איז דער לעצטער שניי.
גרייט זײַן קאָלווירט איז צום פארזיי.
די טראקטאָרס דונערן אין גאס, —
און ער? ווי ליגט מען פוסט-און-פּאס?
אַף מאָרגן הייבט זיך דער שפּיטאָל:
ווו איז דער כוילע? גאָר ניטאָ...
און ער אין פעלד איז שוין, באַם טראקטאָר,
און לאַכט זיך אויס: — מיט מײַן כאראקטער
דעם קישן קוועטשן מיט דער באַק?
אַן ארבעט ס'איז פאַר אַ פּויליאַק!
די רייען זייעלקעס זיך ציִען,
און זוימען פולינקע עס פליִען

און לייגן זיך, ווי שטיקער זון,
און אים קומט צו א פוד געזונט...

3

פון קריג ער האָט זיך גאַנץ געקערט
צו זיך אין דאָרף, צו ליבער ערד.
נאָר דאָ, גיי ווייס, אָן לאַנגע רייד
ס'האָט הינטערוויַלעכס, שטילערהייט
אים אָנגעיאָגט די בייזע שאָ.
און אויס,
ער איז שוין מער ניטאָ...
אינמיטן טאָג, פון גאַס אינמיטן
געהילכט עס האָט אין דאָרף א מיטינג.
קיין רעדנער האָבן ניט געפעלט.
און יעדערער — א לויב דעם העלד.
געלעבט ער האָט אין אָט דעם הויז,
האָט ערלעך, טריַ טאָג-איַן, טאָג-אויס
אין מעשעך פון אזויפיל יאָר
געפעדערט פליַסיק זיך קאיאָר
און מיט אָט דער-אָ גאַס געשפּאַנט
אין פעלד, אין שטאַל און אין ווארשטאַט.
דער מיטינג איינשטימיק באַפעלט:
דער גאַס — דעם נאָמען פונעם העלד.
און לעבן זאָל און שטענדיק זיַן
פון רום זיַנעם די הויכע שיַן!
אָט דעם באַשלוס אַף צו דערגאַנצן
באַשלאָסן האָט מען אויך: פאַרפלאַנצן
אין גאַס פון ביימער אַן אַליי,
זיַן רום דערטראָגן זאָלן זיי
פון אונדזערע צעהעלטע יאָר
צו אייניקלעך פון וויַטסטן דאָר...
אינמיטן טאָג, פון גאַס אינמיטן
געהילכט עס האָט אין דאָרף א מיטינג.

# אינהאלט

## זוים נאָך זוים



## צײַטן פון יאָר

פרילינג



זומער

ה א ר ב ס ט



ו י נ ט ע ר



## פון ווייטע טעג א רוף



## ליבע און אייגענע



## אף דער ערד פון אָקטיאבער



ק אָ ס מ י ש ע ר ט אָ ג ב ו ך

## מײַן כויוו, מײַן פליכט



## קלײנינקע פּאָעמעס

בוזי מילער

# דער קוואַל דער לויטערער

מ., „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״, 1984, 128 זײַטן
אַרויסלאָז־פּלאַן פֿון 1984 י., נומ. 399

קינסטלער יע. סקאַקאַלסקי
רעדאַקטאָר כ. ביידער
קינסטלערישער רעדאַקטאָר א. יערעמין
טעכנישער רעדאַקטאָר ר. סאָקאָלאָווא
קאָרעקטאָרן ד. גראָזאָווסקע, ב. גערשמאַן

אינפֿאָרמאַציע־ביולעטען נומ. 4317

אָפּגעגעבן אין זאַץ 01.08.83. אונטערגעשריבן צום דרוק 02.01.84. פֿאָרמאַט $70\times108^{1}/_{32}$. טיפּאָגראַפֿיש פּאַפּיר נומ. 1. הויכדרוק. באַדינגלעכע דרוק־בויגן 5,6. פֿאַרלעגערישע דיסקאָנט־בויגן 4,03. טיראַזש 600 עקז. באַשטעלונג נומ. 2304. פּרײַז 45 קאָפּ. פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״, 121069, מאָסקווע, וואָראָווסקי־גאַס, הויז נומ. 11. באַלוינטע מיטן אָרדען פֿון דער רויטער אַרבעטס־פֿאָן מאָסקווער טיפּאָגראַפֿיע נומ. 7 „איסקראַ רעוואָליוציִי״ פֿון „סאָיוזפּאָליגראַפֿפּראָם״ פֿונעם מע־לוכעקאָמיטעט פֿון פֿססר איבער די ענינים פֿון פֿאַרלאַגן, פּאָליגראַפֿיע און בוך־האַנדל. 121019, מאָסקווע, אַקסאַקאָוו־געסל, נומ. 13.

*Бузи Израилевич Миллер*
*(Бер Срулевич Мейлер)*

## СВЕТЛЫЙ ИСТОЧНИК

*(На еврейском языке)*

М., «Советский писатель», 1984, 128 стр.
План выпуска 1984 г. № 399

Художник *Е. Р. Скакальский*
Редактор *Е. В. Бейдер*
Худож. редактор *А. В. Еремин*
Техн. редактор *Р. Я. Соколова*
Корректоры *Д. С. Грозовская, Б. А. Гершман*

ИБ № 4317

Сдано в набор 01.08.83. Подписано к печати 02.01.84.
Формат $70\times108^{1}/_{32}$. Бумага тип. № 1. Высокая печать. Усл. печ. л. 5,6.
Уч.-изд. л. 4,03. Тираж 600 экз. Заказ № 2304. Цена 45 коп.
Издательство «Советский писатель», 121069, Москва, ул. Воровского, 11.
Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
«Союзполиграфпрома» Государственного
комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
Москва, 121019, пер. Аксакова, 13.